שלמה װײַנבערג
צום זכרון פֿון פֿרײַנדשאַפֿט
— פֿרײַנטלעך —
י. י. סיגאַל
1934
מאָנטרעאל

# מײַן ניגון

## י. י. סיגאַל

מאָנטרעאל, 1934




י. י. סיגאל: מיין ניגון

צוטרייבסט פון מיין וועג
די וויסטקייט
און ברענגסט אַמאָל
אָוונטן שיינע,
ווי כלות
צו מיינע פענסטער.

און
נאָך פיינען,
און וויינען,
און וואָלקן,

ציסטו אויף איבער מיין מילדן הימל
אַ רעגנבויגן לידער פון פרידן.

און עס נעמט עפּעס זינגען אַרום מיר,
ווי קינדער אין גאַס נאָך אַ רעגן.

I

## התנצלות פאַר דער צייט

דיין טראָפּן פייעריק בלוט
גליט אויף און צינדט מיך אָן,
נאָר — איך וויל זיין דאָס גרויע אַש
אויף דיינע הייסע פונקען —
ווארימען זיי, באהאלטן,
ווי לידער אונטער מיין וואָרט.
און — איך וויל אויכעט זיין
דער פּיין פון די,
וואָס זיינען אַראָפּגעגאַנגען —
וואָגלען טאָג־אַראָפּ
פארשעמט אין טויטן־שאָטן.
כוויל זיין זייער טרויעריק ליכט
און מיטגיין מיט מיין ליד,
ווי מיט אַן אַלטן לאַמטערן
אויפן וועג פון וויסט און נאַכט.
און — כוויל דאָרטן פארבלייבן —
אַ שומר אויף אַ בית עולם,
אַ היטער איבער זייער שטיין און געביין.
ווייל איך האָב זיי געזען
אין ליכט פון גרויסן חלום — וואַרטן
אויף זיין באַשייד זיין וואונדערלאַכן
קינדעריש־פארגלויבטע.
און — אָט קלייב איך שוין איצט
איבערן אָפּגעגאַנגענעם וועג
זיין אַראָפּגעפאַלענע בליאונג.
און — אָט צושפּאַלט איך איצט
זיין רייף און פארטיק וואָרט,
און — אין זיין גרויער שאָל:
אַ רויטער קערן לעבן.
אַ רויטער קערן ווייטיס.
אַ לויטערער קערן
גאָלד.

# מיין שוועל

איז ראוי דען מיין שוועל
דיין פוס זאָל איר באַטרעטן?
דער שטול לעבן מיין טיש,
זאָלסט קומען אויף אים זיצן,
און זיין דאָ לעבן מיר,
ווען קיינער איז נישטאָ?

מסתם, מסתם איז ראוי
מיין שוועל, ווייל ביזטו דען ניט
מיט מיר אַצינד, ווי תמיד?
אַט־איצט, ווי כהאָב אַליין
אַ האַלבן טיש פאַרשפּרייט
מיט אַן אַלטמאָדישן טישטוך,
אוועקגעלייגט דאָס ברויט,
אַ זאַלצמעסטל, אַ מעסער,
און — אָוונט איז אין שטוב,
און קיינער איז נישטאָ.

און איך ריכט אָפּ מיט דיר
מיין וואָכעדיקע סעודה.
ארום מיר — די פיר ווענט
אין טונקלקייט, ווי אַלטקייט,
זיי נעמען מיך ארום
און בקום זיך פאַר אַצינד —
אַ מענטש. פון אַלטע וועלטן,
אַ איד פון אַ גרויער שול־גאַס,
אַ קרעמער פון אַ קליייטל.
כהאָב זיך אַליין געזען ערשט
די גאַס דאָ איבערלויפן
אין שולעכל צו מנחה.
כהאָב זיך אַליין געזען ערשט
הינטער אַן אַלטן שטענדער,
דאָס פּנים צו דער וואַנט,
זיך שאָקלענדיק,
זיך וויגנדיק,
און מערמלען: רפאני

רפאני, הייל מיך,
איך בלייב דאָ אין דער טונקל,
איך בלייב דאָ אין דערפינסטער,
דערנענטער זיך צו מיר
דאָ אינם שטומען חלל.
כברעך אָן אַ מוציא ברויט
טינק איין אין זאַלץ, דערלאַנג דיר
אין דיין ביינעריקער האַנט.
דו ביזט פון ווייטע וועגן
צו מיר אין שטוב געקומען.
דו ביזט פון ווייטע וועגן
מיין אָנגעלעגטער אורח,
מיין פאָטער־גאַסט.

און כהער דיין קול אַצינד,
מיט ציטערדיקע ליפּן.
און כזע דיין קאָפּ זיך וויגן
איבערן טיש אַראָפּ:
איך בין ניט מער קיין סופר,
איך האָב די פּאַרמעטן,
די יריעהס לאַנג פאַרוויקלט,
און כהאָב מיין טיש פאַרלאָזט,
דאָס קליינע זוניקע פענסטער
אין גרינעם הויפל ארויס,
און בין אַוועקגעגאַנגען
אין אַן אַנדער אָרט.
איך בין אַוועקגעגאַנגען
אין אַן אַנדער אָרט, מיין זון׳

און ווייטער וויגט זיין קול זיך
מיט ציטערדיקע ליפּן:

פאַר אַלע בין איך טויט שוין
ווייט און לאַנג פאַרגעסן.
פאַר דיר, וואָס ביזט געלעגן
דריי יאָריק אין אַ וויגל,
ווען מהאָט מיך פונם שטוב
ביטאָג ארויסגעטראָגן
פאַר דיר — נאָך ניט.

און — בזע דיך איצט פאר זיך
מיין פרייע עלטער טראָגן,
און מיין געבויגנקייט
איבער דיין יונגן רוקן.
און אויך — איבערן פארמעט
איז דאָס מיין אַלטער פארמעט
וואָס כהאָב צונויפגעוויקלט?
איז דאָס מיין אַלטער פארמעט
דאָ איבערגעלאָזט און בין
פונדאנען אוועקגעגאנגען.
איז דאָס מיין טיש, מיין שטול,
דאָס זוניקע פענסטערל
אין גרינעם הויפל אריין.
און זיצסט דאָ אזוי אַליין,
און ביזט דאָ אזוי אַליין
און קיינער איז נישטאָ.

## פאַר זיך

נידעריק, גאָט,
איז מיין גורל געפאַלן.
נעם איך אים אָן
אין געפאַלענעם נידער —
דאָ איז מיין פּיין
מיינע טעג אויסצולייַדן,
דאָ איז מיין ענגשאַפט.
מיין ווינקל צו ליגן.

ערגעצוואו־אַנדערש
ווען דו זאָלסט מיך ברענגען —
ליכטיקייט, העלקייט
און שכר פאַר ענויים —
שטומע פאַרשעמטקייט
בויגט איין מיין נשמה
זעסט דאָך, איך קאָן
מיינע ברעמען ניט הויבן. —

דאָרט אין מיין טונקל
פאַרשפאַרט אין מיין אומעט
בין איך געוועזן שוין
אַן אַנדער מין בריאה.
טאָ וואָס האָב איך דאָ.
מיט די אַלע צו טאָן —
מיט די ליכטיקע בוימער
און אָפענער ווייט.

איך האָב פאַר זיך שוין
מיין לעבן געעפנט —
אַ ספר מיט בלעטער
פון שטומער הכנעה.
און דורך מיין ווייטקייט
צו אַנדערע געטענהט:
ברידער, ניט רייסט זיך
צו באַרג און ניצחון.

ווייל דער ניצחון
האָט בלוטיקע אויגן
און שפּיציקע הערנער.
אין זיין גאָרטן
און קופּערנעם פּאַנצער
ברענט אַזוי רויטע
ברענט אַזאַ רויע
און בראַנדיקע זון.

איך וויים אַז מיין וואָרט
שלאָגט נישט אָן אין די טומלען.
כהאָב פאַר זיך נאָר אַליין
מיין לעבן צועפּנט —
אַ ספר מיט ווערטער
פון שטומער הכנעה.
פאַר קיינעם קיין ביישפּיל,
פאַר קיינעם קיין משל,
נאָר אַן איינזאַמער שפּיגל
פאַר מיין אייגענעם פּנים.

# ל י ד

רונד ארום דעם גרויסן ים
ליגן גרויסע לענדער.
אין די לענדער וואקסן גרין
זומערדיקע גאָרטנס.
אויף די ביימער — עפּל,
אויף די ביימער — באַרן,
אויף די ביימער וואוינען פייגל.
אויף די ביימער זיצן ביידע.
צוויי מלאכים — זון און שאָטן,
שפּילן זיך מיט די צווייגן,
שפּילן זיך מיט די בלעטער,
ביז דער טאָג פאַרנעמט זיך —
זעצט זיך אויף —דעם רויטן פערד,
און פאָרט אַוועק
אין ווייטן לאַנד פון מערב.

רונד ארום דעם גרויסן ים
וואו די לענדער ליגן.
וואו די גרעניצן שטייען
ליגט אויך מיין מדינה.
מיין מדינה איז אַ קליינע שטאָט
מיט אַ דאָרפישע גריוועוע.
מיין מדינה האָט אַ טייך
ביי אַ באַרג פון קרעמען
און געוואוינט האָט דאָרט אַמאָל
אַ מלך־רבי־צדיק,
רב פנחסל פון קאָרעץ.
האָט ער קיין טישן ניט געפּראוועט,
און קיין מלכהס ניט מלווהט
מיט קיין גרויסע קוכנס.
האָט געהאָט אַ שטוב אַ הילצערנע
מיט אַן אויסגעבויגן בריקל,
און אַ הויפל אַ פאַרבלאָטיקטס
און ביים מזרח־זייט פון דאַך
האָט אַ רינוועלע געוואַסער
רעגנוואַסער אין אַ פעסל
פאַר דעם צדיקס הויזגעזינד,

פאַר דעם צדיקס ווייב און קינד
פאַר דעם צדיקס וועגן.

רונד אַרום דעם גרויסן ים
שטייען זאַמדיקע ברעגן,
ליגן זאַמדיקע לענדער.
טויטער מדבר פון אַ וועלט
וואָס האָט אויסגעטרוקנט.
ניט קיין גראָז און ניט קיין בוים,
נישט קיין סטעשקע צו אַ היים.
וואָס זשע גיי איך צו דעם האַפן,
וואָס־זשע ציט מיך צו די שיפן,
אַז צו וואַסער ברעג כוועל קומען
וועט עס זיין אַ זאַמד פון מדבר,
וואו אַ שיף וועט זיך נאָר שטעלן
וועט עס זיין אַ טויטער האַפן
און צוריק מיך דאַרפן נעמען,
און צוריק מיך דאַרפן פירן
צו מיין היימלאָז גרויסדאָרף,
צו מיין היימלאָז שטיין־דאָרף
אין דעם לאַנד ניו־יאָרק.

## די ליריקער

איך וועל דאָך אַוועקגיין
צום שלאָף פון די אייביקע,
מיין צוברעקלט גרוי לעבן, —
איך וועל עס דאָ לאָזן
אַ נאָענטן צום אָנדענק,
אַ טרויעריקן אָנדענק.

אָט־דאָ, אין זיין שטיבל
פלעג איך אַריינגיין
בייטאָג אַמאָל, ווינטער;
און זיצן ביים טיש
און אומהיימלאַך שמועסן
פון היימלאַכע זאַכן,
פון היינט און פון נעכטן.

אַז איבעריק שפּאַר איך
דעם קאָפּ דאָ אַרויס
צו דעם דרויסן דעם פרעמדן.
איך שפּאַן מיטן רויש
פון צוטומלטע גאַסן,
און כבין ניט דערביי.
אַזויפיל ניט־נאָענטע
פּנימער און אויגן.
און וואָכן אין וואָכן
אַ ליידיקער דורכגאַנג
צו כלומרשטן מאָרגן.

און כווייס, אַז דער מאָרגן
וועט ניט האָבן קיין אויגן.
זיין עלנטע בלינדקייט
וועט מיר שטאַרן אין פּנים,
און שווערן מיט שטומקייט
אויף זיינע פאַרהאַקטע
פאַרשטיינערטע ליפּן.
וואָס וועל איך אים זאָגן
און וואָס זיך דערפרעגן?
אַלע טיזנטער, טויזנטער

טעג און חדשים
געוועז זיינע וואוילע
גוטמוטיקע ליגנער.
גוטמוטיקע צימבלער,
אויף אַלטמאָדישע לירעס.
צו־וואָס־זשע די טענות?
צו וועמען די טענות?
אָט שפּילן זיי איצט נאָך
אין די גאַסן די קליינע,
די לירע־חכמים —

אין זעלביקן ראָד
וואָס זיי האָבן דיין לעבן
פאַרעדלט, פאַרינגלט,
דרייען זיי ווידער
דיזעלביקע העלע
און קינדערשע לידער

# וואָך

וואו שלעפּסטו דיין וועגל מיט וואָך
דאָ וואוינט אַ פאַרלאָרענער דור
עס ווארט ניט אינערגעץ קיין שבת.
און אומעט ליגט איבער די דערפלאַך
און ס'אָטעמט מיט שאָטן און עלנט.

אין אַ שטוב ערגעץ זיצט נאָך אַ מענטש,
וואָס געדענקט אַ העלע לעגענדע,
און האָט זי נישט וועמען דערציילן.
און האָט ניט פאַר וועמען צו מאָלן
די שיינקייט וואָס ער האָט פאַרנומען.

פאַרנאַכטן נאָך שפּילן דאָ שיין
אין מערב אויף גאָלדענע לירעס.
וואָס ציט זיך דאָס שוויינגן אַהין,
איז דאָרט, אונטערן פייעריקן ליכט
פאַראַן אַ באַשייד פאַרן טרויער?

מיר — איבער אַן עלנטער וועלט
מיר זיינען נאָך קלענער געוואָרן.
עס גייען אונז נאָך די פוס טריט
געבויגענע שאָטנס מיט הויקערס,
אַזוי ווי נאָך טויטע וואָס בלאָנדזשען.
אַרום אויף אַ ניכטיקער וועלט
און קוקן פון אַלע פיר זייטן.
און איבער די דעכער און קעפּ,
איז נידריק געוואָרן דער הימל
און טריב פאַלט די זון פונם טאָג,
ווי פון אונטער פאַרגליווערטע ברעמען.

# דער ברונעם

מיין טאַטע איז געשטאָרבן
מיט אַ באָרד אַ בלאָנדער.
און איך — אויף מיין קאָפּ
יונגער טרויער פון זילבער.
אַ ליכטיק העל קריינדל
פון אַלטקייט און שטילקייט
רינגלט אַרום אויך
דעם קאָפּ פון מיין ליד
מיין יונג־אַלט ליד.

איך רעד נישט אין נאָמען,
נישט אין יחוס, — פון דורות
וואָס שטייען אין שאָטן
פון שטאָלץ — הינטער מיר.
זיי מאָנען מיר גאָרנישט
און האָבן מיט מיר
ניט געשיקט קיין שליחות.
עס האָבן זיך נאָר
אין מיין לשון פאַרוואַלגערט
דריי גאָלדענע קלאַנגען
פון זייערע ניגונים.
זיי האָבן געעפנט דעם ברונעם
פון רו און פון שווייגן.
פאַר אַלעמענס אויערן
פאַר אַלעמענס אויגן.

און איצטער ליגט ווידער
אַ שטיין אויפן ברונעם.
און איך קום נאָר צו,
און איך פּרואוו אים כאָטש רירן.
איך פּרואוו און — איך קאָן ניט,
איך פּרואוו און — מיר דאַכט זיך,
מיר דאַכט זיך, מיין האַנט
וועט באַווייזן אַ כח,
באַווייזן אַ וואונדער.
איין רגע, אַ רגע,
אַ ריר טון דעם וואונדער

איך פּרוּאוו און — איך קאָן ניט.
זעץ איך אוועק זיך
אויפֿן שטיין דאָ ביים ברונעם,
און מורמל, און מורמל
די שטיקלאַך און ברעקלאַך
פֿון יענע ניגונים
וואָס איך געדענק נאָך,
כּגעדענק ניט — פֿונוועץ,
געדענק ניט פֿונוואַנען
זיי שפּילן מיר אויף
אַזוי העל אויף די ליפּן.
זיי שפּרינגען מיר אויף
אַזוי העל אויף די ברעמען
ווי זון אין פֿרי־אלול
אויף מידלאַכע בוימער
אויף בלעטלאַך פֿון צווייגן
אין שטאַרבנדיק שווייגן.

# עדות

איז מיר דאָ ווי קאַלטער ווינטער,
פֿלי איך צום פאַרגאַנגענעם נעכטן.
דאָרטן גרינען מיינע בוימער,
דאָרטן זילבערן מיינע טייכן,
דאָרטן זינגען מיינע שולן
דורך די שבתדיקע פענסטער
שלמה המלכדיקן תהילים.

בין איך דען אַזאַ מין פרומער?
ניין, נאָר יענע יונגע גאַסן
האָבן מיר געבראַכט מיין זומער
האָבן מיר מיין וועלט געעפֿנט
און איך בין אַרויסגעלאָפֿן
צו דעם פרייען ים פון הימלען,
גאָט איז דאָרטן אומגעגאַנגען
אין דער וועלט פון קליינע מענטשן:
זאָרגן זיינען מיר באַפאַלן
נעם אַראָפּ פון מיר די קייטן,
און דעם אַנגסט פון מיין נשמה
און די שטיינעריקע שווערקייט
פון מיינע פאַרשעמטע ברעמען
די פרימאָרגנס און פאַרנאַכטן
פול מיט שווייגנדיקן תהילים.

בקאָן אייך נאָך די עדות ברענגען —
ביימלאַך מיט באַטרערטער ליבשאַפט
אויף די ליכטיקע גרינע בלעטער.
פריזבעס מיט דער פרישער ראָסע
אינדערפרי ווען אויפן הימל
איז אַ מילדע זון געגאַנגען
און האָט פון איר גאָלדענעם ברונעם
איר מחיהדיקע בענטשונג
איבער אונזערע קעפּ געגאָסן.
איבער אונזערע קינדערשע נאַקנס,
איבער אונזערע שטיבער דעכער.

# מאַרק

שטעל מיך אין מיין מאַמעס גורל —
אין אַן אָפּגעוואָרפן געסל,
ביי אַ זייטיק טונקל קלייטל,
נאָר די פּראָסטע קונים, שכנים,
ווייסן ווער איך בין דאָ,
האַלטן מיך פאַר אַ שטילן מענטשן
רעדן קונים אַמאָל מיט מיר,
ביים אַרויסגיין פון דער טיר.
עטלאַכע גרויע ווערטער.

און איך בין ווי אַלע, אַלע
ווייס־איך־וואָס אין מיין זכרון
באַבלט זיך מיר עפּעס אַנדערש —
אַזאַ בלאָנדער שטומער עלנט
און אַ שטאָל פון ענויים, —
כבין אַמאָל, אַמאָל געווען
אַ מחברל פון לידער,
טריבע, ליבע, פיינע לידער,
פון מיין אייגן שטוב און שטיבל,
פון מיין אייגן לייב און לעבן.
זעט, איך לייט דאָ פון מיין געגנט,
זעט נאָר וואָס עס טוט זיך טון
מיט מיר, דעם יונגסטן זון
פון רבי אהרן בער דעם סופר,
וואָס האָט אַזוי לאַנג דעם קאָפּ
שטוב צום פּאַרמעט־בלאַט געבויגן
ביז ער האָט שוין ניט געקענט
אים אויפהויבן פון דאָרטן מיין.
סוואַלגערן זיך נאָך יריעות,
האַלב פאַרשריבן, און האַלב נאַקעט,
ערגעץ אונטערן אַלטן אויוון,
סהאָט שוין ניט מיט זיי איין שכנה
פאַרקלעפּט די לעכער פון די שויבן —

וואָס עס באַלבלט זיך מיר
אין מיין טויבלאַכן זיכרון.
אָבער איך וויל אַלץ פאַרגעסן.

איך וועל אלץ, וועל אלין פארגעסן.
אויך דאס חוזקל דאס זויערע
דא איבערן קאפ פון מיין טרויער,
וועל איך זען ארונטערזינקען.
ווייס־איך־וואס מיט מיר קאן טרעפן,
כבין ארויס אין מארק אנומלט,
כהער מהאנדלט אידישן האנדל —
סוחרימלאך פון אידיש אלטווארג
תורה, חסידות, פאלקס־מיזמורים,
און ראמאנילאך און סקיצן.
בין איך אויך אריין אין קרעמל
אפשר קאנט איר אויך ביי מיר עפעס
פאר אייער בלאט אויף יום טוב קויפן.
האב איך זיך דארט אויסגעדונגען
פאר א זעקסער מיט א דרייער,
און אנטלאפן ווי פון פייער.

אך וואס פאר א שווערן ריח
כהאט געהאט אט־די מטבע
זיבן וואסערן געגאסן
אויף די הענט ביז צו די אקסל
היינט און מארגן און איבערמארגן
זיבן גרויסע ווייסע זייפן
זיבן הויפנס זאמד און אשן
און די הענט קוים אפגעוואשן,
און די הענט קוים אפגעוואשן.

מיאוס איך זיך אצינדער דורכגיין
אט דעם מארק פון אידיש־האנדל,
מהאט דא אויפגעשטעלט די בוידן
ווי ציגיינער — אויף א צייט נאר,
היינט און מארגן, איבערמארגן,
איבער און איבער און — איבערמארגן
וועט מען אנהויבן צובינדן
אט־די לייוונטענע קליימן
און ארויסרייסן די פלעקער,
און אראפשלאגן די ברעטער,
און אראפציען די לייוונטן
און צונעמען — דעם מארק פון אידיש.

אָט, וועט עס אַ מיסט פאַרבלייבן
אויפן גאַנצן ברייטן מאַרק־פּלאַץ
פון די אויסגעגאַנגענע בלעטער.
וועל איך דאָס דען קאָנען פאַרטראָגן.
וועל איך אויפן מאַרק אַרויפגיין
און צונויפקלייבן די שמות
און פאַרשאַרן און פאַרווישן
די טמא מיאוסע פּוסטריט
פון די סוחרימלאַך פון אידיש.
שווערער גרויער טויטנשאָטן
וועט מיך ישטומערהייט באַלייטן
צו מיין ווינקל פון מיין עלנט,
צו מיין ווינקל פון צען־טויטן.

# דערמאָן זיך

און סנעמען די ווערטער זיך בייגן,
אזויווי דאָס באַשווערטע געמיט.

אז מען ווייס ניט קיין נאָנטן נאָמען
פון אַלע וואָס זיינען באַקאַנט
וואָס זאָל קומען ווי אַ ליכט אין דער פינסטער,
אין דער פינסטער אַ ליכטיקע האַנט, —
ביזטו, וואָס מען קאָן דיך נאָר רופן
און קיינמאָל ניט זען דיין געשטאַלט.
ביזטו וואָס קאָן פאַר דיר פאַלן,
אזויווי ביי אַ לעצטער טיר,
און פילן אז מען איז מיט דיר.

און מיט דיר, מיינט מיט אַלץ און מיט אַלע, —
קערט מען אום זיך צוריק צו דער וועלט.
קומען ווידער דערפרישטע אַנטקעגן,
אזויווי בוימער און לאַנען נאָך אַ רעגן,
די מענטשן, די שטיבער, די שטאַלן.
און ביזט ווידער אַרויס פון דער וויסט,
און געקומען צום ישוב פון שטילקייט
און אין ישוב האָט דער אָוונט געניזערט,
און מאַמעס מיט טונקעלע שאַלן
זיינען געגאַנגען פון מאַרק אין די היימען.
און אַ אינגעלע האָט געטריבן אַ בהמה,
און — האָסט אויך צו דיין שוועל געטראָפן,
און די טיר איז געשטאַנען אָפן
ביזטו אַהין אַריינגעגאַנגען —

— — — — — — — — — — — — — — — —

איבער די שטיבער איז דער הימל געהאַנגען
און שטערן זיינען געגאַנגען, געגאַנגען,
אַלע שטערן זיינען אַרויסגעגאַנגען
און צושפּרייט זיך איבערן גרויסן רוים,
און סאיז געוואָרן נאַכט אין דער וועלט,
גוטע נאַכט אין דער וועלט, אין דער היים.

# זיך אַליין

זיך אַליין דערמאָנען
היינט אזויווי נעכטן:
האַלט דיין לעבן פּשוט.
אַלע לעבן איבער
טרויעריקע זאַכן.
וויין ניט הויך דיין בענקשאַפט.
גוט וואָס מען געדענקט כאָטש,
כאָטש עס איז אין ווייטיק,
שיינקייט פון אַ נעכטן.
סיזיפוסיי ביי יעדן
מוז דער קאָפּ זיך בויגן
אומעטיק אין הכנעה.

יעדער שטאָלץ ווערט חרוב.
צו צוריק דיין אָרעם
פון אָנגעצויגענער שטאַרקייט.
וואָס ווילסטו דערגרייכן?
שטעל זיך פּרי פונווייטן
אין אַ שטילן ווינקל.
זיי ניט ענג מיט זאַכן
צונויפגעשאַרט אַרום זיך
ווי אַן אמת אייגנס.
ווער האָט דאָ דען נחלות?
אַז דיין אייגן אינגל
מיט דיין ליכט אין פּנים
מיט דיין בלוט אויף די ליפּן,
איז אַן אַנדער דור שוין,
בויט אַן אַנדער טעמפּל,
דינט אַן אַנדער אָפּגאָט.

זאָג איינמאָל אַ טאָג כאָטש
פרום דאָס וואָרט פון אמת:
וועלט, איך דאַנק דיר
וואָס האָסט מיר געלאָזן
דיין געצעלט באַוואוינען.
מיד האָב איך געטראָגן
פון מאַרק מיין לאַבן ברויט
פאַר מיין הויזגעזינד.

טריב און אַ פאַרשמיטער,
אויפגעצאַרנט פון אומרעכט,
בין איך שפּעט געזעסן

אויף מיין שוועל צום דרויסן
און גערוט און געוואַרט
אַז מיין צער זאָל אָפּגיין.
בין איך איינס געוואָרן
מיטן גוטן געמיט
פון דער נאַכט אַנטקעגן.
מיט איר רואיקן הימל
איבער די קליינע דעכער
איבער די טונקעלע ביימער
אויפן וועג צושטעלט.

# טאַטע

און איך, אַ קליינינקער,
בין קלענער נאָך
נאָך דיר — געבליבן.

חוץ דיינע אַלטע פּאַרמעטן
און נאָרעס פינסטערע
פון אונזער אַלטן הויז,
האָב איך קיין צייכן ניט
פון דיינע פינגער.

עס ליגט ערגעץ
אין הויכן גרויען
און פאַרוואָרפענעם פּאָדאָל
דיין פּראָסטער קבר
און געלן, טרוקענעם היי
פון אַלטע זומערן.
און ווייכן, בלויען
העלן לויטערן שניי
פון ווייסע ווינטערן.

און ערשט נישט לאַנג
האָט דער עלטערער ברודער
ארויפגעפירט אַ ברעטל
און עס איינגעגראבן
דיר צופוסן:
רב אהרן בער
דער סופר.

איך בין זיך מודה:
אינגלווייז, פריער,
האָב איך פיל מער, פיל מער
געטראכט פון דיר.
אפשר ווייל דאמאָלט
האָבן אין די גאַסן
מיך ארומגערינגלט שולן.
און אידישע טאַטעס
זיינען דאָרטן אומגעגאַנגען
אין די גאַסן

און אינגלאַך,
אַזוי ווי איך.

און געווען אַ איד,
דער פּעטער הערשעלייב,
וואָס האָט ביי שבת־זמירות
און ביי שלש־סעודות
דיין אַ ניגון געזשומלט,
און דערציילט פון דיר,
ווי אַזוי דו ביזט איינמאָל
אַראָפּגעקומען קיין קאָרעץ
אַ קראַנקער אויף אַ וואָגן,
אין אַ ווינטערדיקן טאָג
און דו ביזט אין זיין שטוב
געזעסן לאַנגע וואָכן
אַן איינגעבויגענער
ביי דער הייסער רובע
און געבלעטערט דעם של״ה.

אָט איצטער־אָ,
ווערט אַזוי פול די שעה
מיין שווערע שעה
מיט גאַרונגען נאָך דיר.
ווען דו וואָלסט כאָטש געוואוסט
ווי אַזוי איך בין
פון אַ שטיל אינגל
אוועקגערוקט פון אַלץ
געוואָרן נאָך אַ שטילערער,
אַ שטילערער בחור.
ווי כהאָב געטראַגן אויף זיך
אַן אומגעזעענעם עול
אַן אומגעזעענע שווערקייט
פון אַ גרויען טרויער.
און געגאַנגען
אין אַלע יידיקערע טעג.

און כווייס ביי זיך,
איך בין פון די
וואָס האָבן נישט געהאַט

קיין וועג אינערגעץ.
איך רוף אַ פּרומקייט
וואָס האָט קיין הויז נישט,
און איר גאָט
איז אויך אַ בעטלער,
טראגט אַ פּאַק מיט שמות,
פאַרגעלטע פּאַרמעטן
אויף זיינע פּלייצעס.
רוט זיך אָפּ אויף בריקלאַך
פון פאַרגעסענע הקדש'ן,
וואו זיינע זקנים־פרומע
רוען אָפּ אין שאָטן
פון אַלטער בלינדקייט.
אין פאַרגעסנקייט.

סאיז מיין דערמאָנונג.
און סאיז אויך מיין אָנלען.
מיינע דאַרע בלייכע
יתומדיקע הענט
און מיין ישיבה־בחורישן קאָפּ
שפּאַר איך אָן אויף זיי
און דרימל וואַך
אין חלום
פון זאכן, די
וואָס זיינען אַרום מיר
שוין לאַנג ניטאָ,
און זיינען דאָך
דאָס לעבעדיקסטע בילד
וואָס איך קאָן אָנטאַפּן
מיטן בלוט פון מיין געמיט.
און אויך אַזוי,
הויב איך אַרויס
פון אונטער יאָרן טויט
דיין טאַטעדיקע האַנט,
און קערווע אויס
דיין פּנים צו זיך
פון יענער טויטער וואַנט,
און זע דיך שטיין
אַנטקעגן מיר

און רעד צו דיר.

טאַטע,
איך בין געקומען
נעמען דיך פון שול,
אין דרויסן נעצט דער שניי
א ווינט א פוילער ווייט.

און כנעם דיך פאַרן האַנט
און פיר דיך פונם שול ארויס.
איך טראָג דיין טלית־זאַק
און כטו א זייטיקן קוק
ארויף צו דיר.
און כזע: דיין קראַנק געזיכט.
האַלסט די אויגן צוגעמאַכט
און לאָזט זיך פירן
פון מיין האַנט — וואוהין?
וואוהין — אראָפּ א באַרג
הינטער דער שולגאַס
ליגט אונזער ליימיקע שטוב
ארונטער בערגלאַך,
ווי אין א גרוב.

צי האָב איך דען אזוי געטון
איך טו עס היינט
אין יעדן טאָג,
ווען מיין האַרץ נעמט רופן
אין דער הוילקייט פון דער וועלט
נאָך דיר, —
בין איך מיט דיר.

טאָ ווער־זשע דען
אויב ניט איך,
זאָל קומען נעמען דיך
פון דאַווענען,
פון שול.
אז כזע אין פענסטער
ווי פון די דעכער רינט,
ווי פון די סוכות

די קאַלטע שטרויען
פּייפן קראַנק מיט ווינט.
און כוויים אַז דו
בלייבסט שטענדיק
אין בית מדרש שפּעט,
דער שפּעטסטער דאָרט.
ווען נאָר דער שמש
דרייט זיך אַרום
און באַשפּריצט דעם דיל.
און אין אַ ווינקל
זיצט אַן אָרימאַן,
אַזוי זיך,
רעדט ניט,
שווייגט,
שטיל.

אין אַזאַ שווערער שעה,
בין איך דאָ דאָ
און פיל מיין שווערקייט
פונם לעבן אויף דער ערד.
און צוליב דיין פריען טויט
בלייב איך ביי זיך
אַ אינגל, קליין, נאָך דיר.
און זע זיך לעבן דיר,
ווי כפיר דיך אונטערן האַנט
אין אַ קאָרעצער גאַס
און ביידע שווייגן מיר.
שווייגן מיר.

# גרינגע קלאַנגען

בטראג אין זיך
און אויף זיך
קליינע קינדעריאָרן,
קליינע קינדערטעג,
טויטע.

בטראכט פון זיי
בשרייב פון זיי
לעבעדיקע ווערטער,
לויבנדיקע לידער.
און דערצייל פון זיי
ווי פון באַשעפענישן שיינע.
נאָר איך ווייס,
זיי זיינען טויטע.
זיי ליגן לאַנג שוין
מיט שטאַרע הענט און פיס,
מיט פאַרמאַכטע אויגן.
און די העלע האָר
אויף זייערע ליבע קעפּ
איז שוין פאַרוועלקט
אַזויווי גראָז.

כהאָב ליב צו רעדן וועגן זיי,
ווי וועגן אינגלאַך
מיט קלאָרע אויגן.
זיי זעען ניי די הימלען,
זיי זעען טיף די הימלען.
און די וועלט איז אויפגעעפנט.
יעדן מאָרגן פרעגט מען זיי:
וואו ווילט איר און וואָס ווילט איר?
אַלע וועגן, אַלע וועגן
זיינען קלאָר און ליכטיק.

נאָר איך ווייס:
זיי זיינען טויטע.
און איך טראַכט פון זיי
ווייל זיי זיינען טויטע שוין.
כריר זיי אָן די קליינע הענט,

כריר זיי אָן די ליבע קעפּ,
כהויב אויף זייער גרינגע ברעם —
איינגעשלאָפענע וועלטן.
רוענדיקע נשמות.

טויזנט טומלען.
קלאַפּט דער טאָג.
פון דער שווערקייט,
אין אַ שוואַרצער נאַכט,
ברעכט דער דונער די ערד,
און — זיי וועקן זיך נישט.
און דער בלאַנקער בליץ
בלענדט נישט דורך זייער אויג.

נאָר איך טראַכט פון זיי
און זע זיי היינט נאָך אומגיין
אין לעבעדיקע גאַסן.
אין אַ יונגער וועלט.
וואו זיי פלעגן טאַנצן,
דאָרט, אויף יענער ערד,
וואַקסן היינט נאָך גראָזן,
נאָך דיזעלביקע גראָזן,
נאָר זייערע טריט
שוין — ניט.

# דערנער

פריע קברים פון מיין וועלט, —
מיינע לידער — צווייגלאך־דערנער,
ליג איך איבער זיי אוועק.
ביז צו זייער שטילן ברעג
גייט מיין אומעטיקער וועג
האָב איך דאָ זיך אָפּגעשטעלט
ביי דעם גרענעץ פון מיין וועלט.
און איך בויג זיך, בויג זיך איין

און מיט בלינדקייט אין מיין בליק
און מיט עלנט אין מיין לייב,
קוק איך אין דער ערד אריין.
זע איך זיי אין זייער רו
איינגעהילט און איינגעדעקט
און די אויגן צוגעדעקט.

און איך בין פון דאָרט אוועק.
און איך קער פון דאָרט זיך אום
צו די לעבעדיקע טעג.
מיינע לעבעדיקע טעג,
אין די גאַסן זיינען זיי,
טומלען זיך דאָרט נאָך אַרום
אינם בלאַסן ליכט אַרום.

# אַ קלאַנג

בוי־מיר אַ שטוב
ביי אַ דאָרפּישן ברעג
און שטעל דאָרט
אַן איינציקן בוים נאָר אַוועק.

די פיר צייטן פון יאָר
זאָלן זיין זיינע געסט.
אַן איינזאַמען פויגל
אין זומער אַ נעסט.

וואָס דאַרף איך די לענדער,
די ווייטן, די שטעט.
כוויל זיין פון אַן איינציקן
בוים דער פּאָעט.

און מיין השגה?
אַלט־אַלט און — נאַאיוו.
טראַכט איך: מיין שטוב
איז אַ ליכטיקע שיף.

טראַכט איך: דער בוים
איז אַ ריזיקער מאַסט.
פאָר איך מיר איבער
די צייטן צוגאַסט.

נעכטן ביים פרילינג
אין גאָרטן געווען.
קינדערשע ווינטן
אויף גראָזן געזען.

מילד־גוטע זון
איבער לאַנען און ברייט.
אַ פויער צעוויקלט
זיין פעלד און צושפּרייט.

מאָרגן פאָר איך
אינם זומער אַריין,

עסן זיין האָניק
און טרינקען זיין ווייַן.

און פונם גאָלדענעם
זומער א — רויס,
שפרייט זיך דער הערבסט
אין זיין פארביקייט אויס.

טויזנטער שיינקייט
אין גאָלד און אין רויט
קלינגען א ווידוי
און זינגען צום טויט.

ביימער און בייטן
אין כישוף צופלאמט.
דאָ האָט מיין שיף זיך
אביסל פארזאמט.

# צו וועמען?

צו וועמען ווילסטו זיך פארטרויען?
מיט וועמען און וואו וועט דיר גוט־זיין?
אז קיינער דערמאָנט זיך נישט קיינמאָל
אז דו ביסט אין שטענדיקן ווארטן
צווישן די שעהן די גרויע
ווי צווישן פארוויאנעטע שוואָמען.
און די וועלט און דער וואלד און די וועגן,
ליגט טויט אונטער מילביקן רעגן
וואָס הערט נישט אויף קריכן און קריכן
פון שפעטקייט אין נאכט צום פרימאָרגן,
פון פרי ביז דעם אנדערן אָוונט
און ווידער אין נאכטיקן הייל.

טאָ וואָס איז דיין וועלט?
דיין וועלט איז א שוועל ביי א שטיבל;
א שטיבל פארזעסן אין אלטקייט;
אלטקייט וואָס ווייטיקט אין שווייגן
און פייניקט זיך נאָך, וואָס געבויגן
אין קליינקייט, פארשעמטקייט און אומעט
איז דער טאָג פון דער יוגנט געקראָכן
און קוים צו דער מידקייט דערקראָכן,
פארלאָשענע יאָרן און וואָכן
ווי שטיינעריקע פעלדער ליגן
אין אשיקער טויטקייט פארשוויגן.
איצט קומט נאָך א טאָג אויף א ריינער,
א קוועלעכל ריזלט דורך שטיינער.
איך שוויג, הער זיך איין, וויל ניט ריידן:
דאָס קוועלכל גייט פון גן עדן?
דאָס קוועלכל גייט צום גן עדן?

# פאַרגייט

אויף מיין לייב און מיין נשמה
קיל און דורכזיכטיק און טרוקן
ווי דער בלוי פון) שפּעטע זומער־הימלען
רוט אַ קלאָרער אָטעם.

אָן פאַרקנייטשטן זיך־פאַרטראַכטן
ליגן די סך־הכּל שורה'ס
אונטער אַלע בונטע זאַכן
פאַר מיין שטילן בליק.

אָפּגעבלעטערט אַלע ווערטן,
נאַקעטע ווי הוילע בוימער,
אויב דו האָסט נאָר עכטע ווערטער
פאַר אַ טרויעריקן שמייכל,
איז שוין ניחא.

שאַרפער, ווי מיט מעסער־צינגלאַך
גרילצט דער פויגל הינטערן פענסטער
אויפן אָפּגעקילטן צווייג
זיין סוף־זומער ליד.

אָבער מיין געמיט איז ווייכער,
און פאַרגיביק צום געוועזנס,
אָט־אָ זע איך נאָר פונווייטנס
ווי עס גייט דאָרטן זיין טרויער.
סבלאַנקט זיין אויג אין פענסטער
פון פאַרשלאָפענע שטיבער
און ער גייט אַוועק
מער שוין אויף צוריק־ניט־קומען.

# אַלטוועלט

דוד בערגלסאָנע:

די נאַכט האָט טויזנט פענסטער,
דער טאָג — אַן אָפענע טיר.
דורך טירן און דורך פענסטער
קוק איך אַרויס אויף דיר.

אין סעדער פאַררייפן די עפל,
די בּאַרן פאַרוויטלען זיך אויך.
די זון קומט אין קילן פרימאָרגן
דורכ טריבן גינגאָלדענעם רויך.

וועסט קומען מסתמא צו יומטוב,
שוין יומטובדיק אָנגעטון,
אויף בלעטער אין סאַד וועט שוין ליגן
אַ טרויריקע פאַרביקע זון.

פאַרנאַכט וועלן מיר גיין שפּאַצירן
הינטערן שטאָט אויפן פעלד.
און רעדן פון ווייטע לענדער
אויף דער גרויסער גרויסער וועלט.

עס גייען די טעלעגראַפדראָטן
וואו נאָר די וועלט האָט אַ ברעג,
און טראָגן אויך אונזער בענקעניש
אין ווייטערע שענערע טעג.

# איך וועל...

איך וועל שוין פונדאַנען אָפּגיין
אין אַן אומעטיקן שווייגן.
אָ, מען דאַרף נאָך זיך נישט לאָזן
קלונגשאַפטן מיט טריבע אויגן —
וואָס און וועמען.

אַמאָל האָט מען זיך הנאה,
אויף אַ זייטיק געסל ערגעץ,
זיך אַראָפּגעלאָזט — זיך דורכגיין.
קליינע קראַמען, קליינע פענסטער
ס'ערלאַכע אָרימערלייטנטום
לעבט ווי ברואימלאַך אין גראָזן:
זשום־זשום־זשום און סציען וואַכן
און די אומעטיקייט היימישט
אייביק גרויענדיקע יאָרן,
אייביק רויענדיקע דורות,
ס'איז דאָס לעבן אין זיין אַלטקייט
קליינע בלייכע גאַס מיט קינדער
טראַגט עס אין איר שטויב און ווינט
אייביק, אייביק.

כגיי — דער קאָפּ אַראָפּגעלאָזן:
וואו זיינען די פּאווע־פליגל
וואָס דו האָסט זיך אָנגעבלאָזן?
און דיין אָדלעריקער פּנים
איז געוואָרן גרוי און אמת —
אָט די ריידנדיקע ווערטער,
רעד איך עס צו זיך אַליין
ווי מ'רעדט זיי צו אַ צווייטן
און עס טוט מיר גאָרנישט באַנג.
כ'האָב זיך ליב אין גאַנג אַצינדער,
כבין דער גרויער אָוונטשאָטן,
סרויטע פייערלאַכע זינגען
פון דער ריינער זון אין ווייטן מערב
האָט אויף מיר געטון אַ פינטל,
ווי אַ פינקל פון אַ שרפה.
און מיין רואיקייט נישט צוצונדן.
און מיין שווייגן, מיין גאָרן שווייגן
ניט אויפגעבונדן.

## פאַריתומטע לענדער

זיי קומען שוין מער ניט
די שיינע שבתים.
זיי רוען אין ווייטע
פאַריתומטע לענדער.
אַ פויגל אפילו
וואָס פלעגט אין דער זון
ביי די פענסטער זיך שטעלן
און הערן די פרייד
פון די זמירות־געזאַנגען,
געדענקט זיי שוין אויך נישט.

אין טאָליקע גאַסן
פון אומעטיק היימען
שטייען די שטיבער
אין טויטלאַכן טרויער,
אין פאַרלאָשענער אָנדענק
נאָך לויטערע בייטאָגן
פון רואיקע שעהן,
פון אַ ניגון וואָס קלינגט
ווי דורך ווענט פון אַ פּאַלאַץ:
הנך יפה ביזט שיין,
יונתי, מיין טויב.
מיין טויב, דו ביזט שיין
ווי די זון ביזטו שיין.
ווי די נאַכט איז דיין אויג.
דיינע ציין זיינען קליין
ווי די ווייסע שאָף.
און זיי בליצן און רייסן
מיר איבער מיין שלאָף.

פאַראַנען דאָרט אפשר
נאָך אַן איינציקע הויז
קוקט דורכן פענסטער
אַ כלה אַרויס.
און סקומט פונם מערב
אין — זונענפאַרגאַנג,
צוריק אַזאַ דינער

גינגאָלדענער קלאַנג
פון אַלץ וואָס איז לאַנג שוין
אין וואָגל אוועק
און געלאָזט דאָ אין אַש
אַלע וואָכיקע, טעג.
דער אומעט ער לאָזט זיך
דאָ קיינמאָל נישט אויס.
אָן אַלטינקער זיצט נאָך
ביים שוועל פון אַ הויז.
געבויגן צו דר'ערד
און די אויגן אַראָפּ,
און דער אומעט שיט אַש
אויף זיין עלנטן קאָפּ.

# ווער?

ווער האָט עס דאָ דאָ דורכגעוואַנדערט
דורך דער ערד מיט ברייטע פּאָלעס,
און געלאָזט נאָך זיך אַ רויִשן
און אַ טרויער און אַ פרייד?
קריסטוס איז זיין ווייסן קלייד?
איוב אין צופּליקטן צאָרן?
עמוס אין זיין דאָרפישן מאַנטל?
צי צען־טויזנט פּראסטע בעטלער,
גייענדיק קיין רוים דערוועקן,
דעם פאַרדרימלטן משיח?
ניין ס׳איז דער הייליקער בעל שם טוב,
אין זיין פויערישער סערמענגע,
איבער גרויסער פעלדער־רחבות
אויסגעשפּרייט די הענט ווי פליגל:
גאָט, כוועל דיר אַנטקעגנפירן
מיט גרויס פרייד דיין פאָלק ישראל,
גאַנץ ווי סאיז ביז איצט געוועזן
שיין ווי סאיז געווען ביז איצטער
אָפּגעהיט פון אַלעם שלעכטן
אויסגעלייטערטע פון גלות
גרייט צו דעם לעתיד לבא.
כ׳האָב זיי אויפגעפרייט ווי קינדער
קום־זשע זיי אַרויס אַנטקעגן
מאַקע, איצט, ווען סהאָט די זון
נאָך אַ שעה צו מערב קומען
קום אַרויס צום שוועל פון הימל,
קום אַרויס און איך וועל לויפן
און צונויפזאַמלען זיי אַלע
און אַנטקעגן דיר זיי פירן
מיט געזאַנג און גרויסער חדוה
פאַר דיין שטראַלנדיקן פנים.

# דו פירסט

דו פירסט סייווי,
און איך גיי מיט.
טרויער שפּילט
איבערן ליכט פון מיין אויג,
ווען דו שטעלסט אויף
דיין גרוי ביידל
אויפן קילן פעלד,
און דיין הערבסט נעמט רעגענען.

מיט אלץ, מיט אלץ
בין איך צונויפגעבונדן
און פארהעפט מיט בלוט,
און כבין אראָפּגעהויקערט
צו דער ערד פון קברים,
צו דער הוילע שפלות
וואָס קריכט ארוים
פון אונטער א חרובן דאך.
דאָרט וואו דאָס שלימזל וואוינט
און ליגט נאָכגעגעבן
אויף זיין זשאַווער־קייט.

אָ, נאַאיוו וואָרט מיינס,
פאַרוואָס? פאַרוואָס
ביזטו נעכטן געווען ביי?
אויף וועמען?
אויף די הויכע שטיינער־
ווענט מיט פענסטער?
אויפן ארונטערגעוואָרפענעם
אראָפּגעטריבענעם געסל
וואָס גריזשעט צדקה
אָנגעבונדן אויף זיין זשאַווער־קייט?
אויף די צילינדער־קעפּ?
אויף מיסטער גראָב־פּנים?
אויף מיסטער גראָב־בויך?
אויפגעצילעוועט אויף דינע פּעדים זון,
וועלן זיי אמאָל, קליינע דינע גאָלד־ווערימלאַך
שפּילן אומגעזען אין דער לופט.
אין דער לאַבאָראַטאָריע פון דער ערד

קלאַפּן נישט קיין שווערע האַמערס:
דאָרט אַרבייט שטילסטע רואיקייט
און סשיילט זיך אויס אַ ריזל וואַסערל
און רינט אַרויס אויפן לאַנד פון דער ערד.
דערזעט דאָס ערשטע מאָל
די לבנה איבער וואָלקנס קריעה,
אָדער די זון אינמיטן ברייטן בלוי.
און עס טיילט זיך אָפּ אַ ברוינער שטיין
שטעקט צום ערשטן מאָל זיין בלינדן קאָפּ אַרויס
פון צווישן דעם דיקן פוס־לייב פון אַ באַרג.
ביזט אַמאָל מסתם געגאַנגען דאָרט,
און אויב דו וועסט אַמאָל נאָך זען אַזוינס
בויג זיך אָן מיטן פּנים און זאָג:
האַלאַ, מיסטער גראָב־בויך,
אָדער רוף דעם שטיין: קליין ווערימל,
מיקראָב, זשוק, פייגל טויטער,
שטומער חלום פון אַלע דורות,
נעכטיקער טאָג.
רוף עס ווי דו ווילסט,
אַלע ליגנס זיינען אמת
אַלע אמתן שפּילן נאַר
אין רעפלעקסיע פון צווישן וואָרט און וואָרט
גיסן זיך אַריבער און אַריין
ווי די כוואַליעס, וואַסער־הויפנס
איינע אין די אַנדערע.

דו פירסט סיוווי
און איך גיי נאָך.
פון איבער מיר
האָט זיך געשאָטנט גרוי
מיין טאַטנס געשטאַלט,
בין איך געגאַנגען הינטער אים.
בין איך געגאַנגען טריט און טריט
אויף זיינע טריט.
איבער זיין שאָטן.
האָסטו אים אָוועקגענומען,
האָסט אים צוטיילט,
האַלב אין הימל,
האַלב אין ערד,

און ער איז נישט געווען
און נישט געגאַנגען מער פאַרויס,
בין איך געגאַנגען אַליין,
אין מיינע אייגענע טריט.
מיט וויסטער ווייט, פאַרויס
גיי איך, טרעט איך,
וואַרף איך ווערטער פונם מויל,
צייט בלאָזט אַראָפּ פון מיין קאָפּ די יאָר,
גליווערט ווייסע קעלט איבער מיין שטערן
נאָר איך גיי נאָך.
דו פירסט
און איך גיי דיר נאָך.
דו ביזט די וויסט,
און דער הימל ביזטו,
און ביזט די ערד,
און איך גיי אין דיר.

הינטער מיר
הער איך טריט.
דאָס איז מיין קינד,
זי גייט נאָך מיר,
טרעט אין מיינע טריט,
ציט נאָך מיין אָטעם נאָך
און איך פאַרשטעל פון איר
די וויסטקייט פונם וועג.
די בלינדקייט פון דער צייט.
אָ צעוואָרף מיך נאָך נישט אין זאַמד
פון אונטער מיין אייגענעם טראָט.

מיין קינד,
לען זיך אָן אָן מיר,
שפּאַר זיך אָן אָן מיר
רו זיך אָפּ אויף מיר.
רו זיך אָפּ.

# גרוי הויז

גרוי הויז — אויף די קליינע מייזלאך
זיינען דאָ דאַר פון זאָרג און נויט.
און וואַרטן אַז דער טאַטע זאָל ברענגען
אין אָוונט פאַר אַלעמען ברויט.

דער טאַטע איז אַלעמענס טאַטע.
און אַלעמען ברענגט ער דאָ שפּייז,
זיין פּנים האָט טרויריקע קנייטשן,
זיינע הענט זיינען דאַר און גרויס.

אין די מאַרקן וואויעט אַ טומל
אין די מאַרקן ברומט אַזאַ רעש.
נאָר די מאַרקן האָבן שנירן בייגל,
און הערינג אַ גרויסע פּאַס.

דער טאַטע וועט ברענגען אַ הערינג,
און אַ הויכן קייל־עכדיקן ברויט.
דער טאַטע וועט קומען וועט ער שוין טרעפן
דעם טיש מיט אַ טישטוך פאַרשפּרייט.

און דעם גרויסן קריג מיט וואַסער,
און דאָס גרינע טעפּעלע זאַלץ
און מ'וועט צום טיש זיך זעצן
און איינאיינעם עסן פון אַלץ.

און דער טאַטע וועט פון בלאַט דערציילן
אַז עס קומט שוין אַ בעסערע צייט
און קוקן אַנטקעגן אין פענסטער
ווי ער וואָלט איר געזען שוין פון ווייט.

# וואָר

אָטעם פון דער ערד פריזזומער,
וואונקען און אַ בלוי שטיק הימל,
קילער גרוס פון פרישע טייכן.
און איך בין אין וועג געגאַנגען
אויף די גרויע בוימערצווייגן
איז די בשורה שוין געהאַנגען
פון אַ גרינער נייער פרייד,
קומען קומט זי יעדן האַלביאָר,
אָבער תמיד קומט זי יונגער,
אָבער תמיד איז זי שטאַרקער.
כאָטש זי קוקט שוין מיט אַ שמייכל
אויף מיינע זילבערנדיקע ווינקלען
דאַרף איך דען זי צוהאַלטן
מיין יוגנט פאַרן עק, נו מילא,
אָבער זען זע איך אַלץ נייער,
אויסגעקלאָרטע זיינען מיינע אויגן
און טויזנט אומעטן געוואָרן.
כאָטש עס זעצן זיך די יאָרן
אויף די שמאָלע אַקסל מיינע
ווי די קראָען אויף די צווייגן
און עס רוקט די וועלט זיך אָפּ,
ווייטער, ווייטער פון מיין לעבן,
ברייטער ווערט אָבער די ווייטקייט
ברייטער, לויטערער און אָפן.
דורכזיכטיקע — ערד און הימל,
וואָס איך זע — דערזע איך שענער,
וואָס איך הער — דערהער איך קלאָרער
וואָס איך ווייס — איז וואָרער, וואָרער
וואָרער ווי יונג לעבן!

# קלאַנג

דו ביזט מיר געקומען אַנטקעגן,
און ליכטיק ביזטו געווען.

איך האָב דיך תמיד גערופן,
פון קינדווייז געניט זיך אין דיר.

איך בין ווי אַ קרומער אין לעבן
פאַרנייגט און פאַרבליקט און פאַרזען.

אין סידור איז אַ פרייד און אַ טרויער
און אַ קינדעריש געזאַנג איז דאָרט.

איך ווערטער שפּראָצן טרערן,
אַזויווי טויען אויף גראָז.

איך פלעג זיך פעדערן באַגינען
ווען אויף דער ערד ליגט נאָך נאַכט.

איך האָב געוואָלט זען דיין פּנים
דורך די פענסטער אין העלן ראָז.

דו שפּילסט אויף אויף רויטע סטרונעס
דיין גאָלדליד אין מזרח־לאַנד.

און איך האָב געהערט אַזאַ תהילים
וואָס קיינער האָט נאָכניט געהערט.

און איך האָב געזען אַזאַ חלום
וואָס קיינער האָט נאָך ניט געזען.

נישטאָ יענע טייערע אינגלאַך
וואָס קאָנען פאַרשטיין, פאַרשטיין,

און קאָנען פאַרטיפן די אויגן
אַזוי ווי אין אייביקן סוד.

# נעם אָן

נעם אָן דיין מזל פֿאַר ליב,
און זע ווי ביים שוועל פֿון דיין שטוב,
וואַקסט קוים אָן איינציקער גראָז.
וואַקסט איין אַליין דאָ אין זאַמד
פֿרעגט נישט פֿאַרווען און פֿאַרוואָס.

דו — ביי דער שוועל פֿון דער וועלט.
דו — ביי דער שוועל פֿון דער פֿרייד.
דו ביי דער שוועל פֿונם ליכט
פֿונם ליכטיקן פּאַלאַץ פֿון גאָט.
דאָרטן פֿון יענער זייט שטאָט,
דאָרטן פֿון יענער זייט סוד.
דרווייל איז כּמעט גוט דער גענאָד
פֿון צוזאָג, פֿון שמייכל, פֿון וואָרט:
מאָרגן און שפּעטער און — דאָרט — — —

דאָרט און — איך דאַנק דיר, מיין גאָט,
כּמעט כּבין דער לעצטער אין שטאָט
כּמעט איך גרויז אָפּ גאַנצע טעג
זע ניט קיין שאָטן, קיין פֿלעק
פֿון קיין מענטשן צום שוועל פֿון מיין טיר.
היינט ווי מיט דרייסיק יאָר פֿריער.
ווען כּבין נאָך געווען קליין און קינד
און וואו סהאָט געבלאָזן דער ווינט
דאָרט איז אַ וואונדערלאַנד דאָ
און אַמאָל קומט דער וואונדער צוגיין
נאָכן רעגן וואָס בלייבט ערגעץ שטיין
און אַ בויגן פֿון זיבן קאָליר,
און כּשופֿט פֿאַר איטלאַכנס טיר.

## נ ס

1.

באוויליק נאָך אַמאָל
איין פונק בטחון.
אַ שעה פון יום טוב
אין דער גראָ פון וואָכן.

אַלע, קאָנען מיר
זיך נאָך דערמאָנען
ווייל אַלע זיינען מיר
פאַר זיך מאַראַנען.

משפחות קלייבן זיך
צונויף אינאיינעם
אַ ליכט אין אויבנאָן —
ביים טיש די זקנים.

און ווידער לויטערן
די אַלטע ווערטער
איבער דער הערלאַכקייט
פון אונזערע טעכטער.

צינד אָן, צינד אָן דיין ליכט.
נאָך העלער, העלער.
אין אונזער אָרימקייט
אין אונזער קעלער.

שפרייט אויס, שפרייט אויס אויף אונז
דיינע גענאָדן,
אַז דאָס געמיט איז
אַזוי אָנגעלאָדן.

אַזויפיל שווערקייטן,
אַזויפיל תפיסה,
אַזויפיל טיפע, טיפע
קריעה־ריסן.

 צינד, נו, צינד דיין ליכט
נאָך העלער, העלער,
אין אונזער אָרימקייט,
אין אונזער קעלער.

## 2.

דיין ליכט איז ווידער יונג
און ווידער ניי דיין ניגון..
דיין יומטוב ווייזט זיך ווידער
מיטן בלויען אָוונט טריט.

און אזא ווארימקייט
בליט אויף אין אונזערע אויגן
מיט אזא נאָנטקייט
צו קינדער אין דער שטוב.

א נייע זיכערקייט
שפרייט אויס איר גוטן פרידן
אין אונזער אָרימער גאַס
אין אונזער נויט און וואָך.

א הויכע שיינקייט העלט
פון אונזערע ווייסע זיידעס
פון זייערע העלע רייד,
פון זייער עלטערקייט.

אויף אונזער יונגן בוך
אַן אַלטער שיין פון חומש.
א גאָלדענער אָפּשיין
פון א תהילים־דיק וואָרט.

מיר גייען דורך דיין עדר,
ניט פרעמד און ניט דערוויטערט
די האַנט פון דיין געגנאָד
איז אויסגעשטרעקט צו אונז.

# אַרונטערגײן

און אַט װעלן מיר אַרונטערגײן
פֿון אַט דעם שװערן װעג,
אַ גרינגער גראָז װעט גרינען,
אַ נידעריקער װינט װעט אַרומגײן
און אומעטיקן אונזער געדעכעניש.

מיר האָבן דען געמײנט דאָ זיכער עפּעס
צו אײביקן און צו פֿאַרגרונטיקן?
אײן טאָג דעם אַנדערן פֿאַרפּירט
און װאַרטער האָבן אַזאַ אָרים ליכט,
און מעשים בײגן דעם רוקן אַראָפּ.
און נאַרן אױכעט אָפּ.

און גרױסערהײט און פֿון יאוש קלײן
איז קינדעריש געװען דײן געװײן
און די פֿרײד — נאָך קינדערשער.
װי קלוג עס זאָל נישט שװײגן דאָס האַרץ
װײסט עס דען װאָס סהאָט געװאָלט?
דער ראַשער יונגער רוף האָט פֿאַרהילכט,
און דער געבליבענער בלױער הימל קלאָרט
מיט קאַלטער לײדיקײט
און אָן אַ װאָרט.

און צו דײן מידן בעט קומען צוגײן:
דער אומעט אין זײן גרױען אַלטן ראָק
דער טרױער מיט דער צובױגענער אַלטער קרױן
אױף זײן צו־דר׳ערד־געבױגענעם קאָפּ.
און באַלד זעצן זײ זיך אַװעק,
װי בעטלער פֿונם װעג.

און קײנער האָט קײן װאָרט נישט מײן.
זײערע פּלײצעס זײנען שטײן
און זײערע ליפּן זײנען שטײן
און זײערע אױגן — שטײן
און זײערע שטערנס — שטײן.

# די פּשוטע

אין אַלטע ספרים שטייט פֿאַרשריבן
סימבאָלן, ווערטער פֿון פֿרייד און ליכט.
אַזויפֿיל צוזאָגן און מאָרגנס,
וואָס וועלן קומען אומגעריכט.

און גרויס די טרייסט אין יענע ליידן
איבער די הערצער, קעפּ פֿון די,
וואָס זיינען אויף די דאָרנוועגן
געקראָכן מיט די נאַקעטע קני.

די איידלסטע האָבן דורכגעטראָגן
די האַרבסטע פּיין אויף זייער ביין.
די העכסטע און די שטאָלצסטע זיינען
אין טרויער אומגעגאַנגען קליין.

און האָבן מיט די שטילסטע ווערטער
אָנגעקינדיקט דאָס ריינסטע גליק.
און ווען דער שלעכטער האָט געקלעטערט,
האָבן זיי געניידערט אין טאָל צוריק.

אין מסיבה אַרום פּראָסטע טישן,
ביי איינעם אין אַ קיך ביינאַכט,
אַן עדה שטילע פּשוטע מענטשן
געזעסן און גערעדט, געטראַכט.

און איינער האָט די טיפֿסטע גוטסקייט
צום צווייטן ביי זיין זייט דערשפּירט.
און ווערטער האָבן אויפֿגעלויכטן
ווי ווייסע בענטשנדיקע ליכט.

זיי זיינען מיטן טאָגס שאַריען
צוגאַנגען זיך גאַס־איין, גאַס־אויס, —
אַ העלע וואונדערלאַכע בלויקייט
אַרומגעהילט האָט יעדנס הויז.

# אינגעלע

אינגעלע, קעניגל,
דאָ אין מיין הויז
האָב איך אַן אוצר
צען וועלטן די גרויס.

איבער מיין אָרימער
גרויקייט אָט־דאָ,
קומט אָן אין אָוונט
אַ גאָלדענע שעה.

און שטעלט אויף אַ טראָן
אין אַ ווינקל פון וואַנט.
נעם מיך מיין אינגעלע
אָן פאַרן האַנט.

פיר איך ארויף דיר
אויבנאָן, אויבנאָן,
און זעץ דיך אוועק
אויפן גאָלדענעם טראָן.

ווייט דאָרט אין מערב
אין פייערן ווילד
האָט זיך די זון
אין איר גסיסה געשפּילט.

מלחמות און שטורעמס
וועלן קומען צוגיין.
אינגעלע, קעניגל,
קינדעריש און קליין.

נאָר ניט אין דיין גאָלדענער
שעה אויפן טראָן
ווי נאָר דער אָוונט
דער שיינער קומט אָן.
און ער צינדט אָן
אין מיין ווינקל אָט דאָ
זיבן גאָלדענע ליכט
זיבן גאָלדענע שעה.

# באַשער

1.

באַשער מיר אין מיין צוויט געבורט
אַ פרידלאַך־שטילער בעטלער זיין.
און אָפן מיט מיין בעטלזאַק
אריינקומען אין יעדער שטאָט,
כוועל בלייבן שטיין ביים וועג פון מארק,
און זען מען קלייבט די שוועלן אָפּ,
און זען מען מאַכט די קלייטן צו,
און דינער זייד פון אָוונט־ראָז
שפּרייט ריין זיך איבערן הימל־בלוי.
וועט מיר אַ לויכט־טון אין געזיכט
די רו פון שבת וואָס קומט אָן
פון אַלע זייטן פון דער וועלט.

איך האָב אַזוינס נישט דורכגעלעבט
פון זינט איך לעב מיין הינטישקייט,
איך האָב נאָר וועגן דעם געטראַכט
מיט אַזאַ גרויסער טרויער־פרייד,
ווען סהאָט אויף מיר גערוט אַ שעה,
פון גאָטס גענאָד און סאיז פון מיר
אַראָפּ די שאַנד פון זיין — ווי איך,
אַראָפּ דער צער אויף זיך אַליין,
און כבין נישט מער געווען שוין קליין ביי זיך
נישט מיאוס, נישט איינגעשרומפּט אין זיך.
און כהאָב געשפּירט אויף מיין געזיכט
זיך אָנצינדן אַ לויטער ליכט,
און מיין נשמה האָט אין מיר,
געקניט זיך פאַר גאָטס אָפענער טיר,
און מיר איז גוט געווען
אַ שטויביק קלייד איבער מיין גוף,
אַ בעטלער בין איך, קום צוגיין
פון שטיין און ביין און זיין אַליין.
און בין געקומען צו גאָט צוגיין.

און דאָ — אַזוי האָב איך געטראַכט —
בין איך געקומען אין אַן אָרט,

און שבת איז נאָר וואָס אריין,
דער שבת איז שוין דאָ אין מארק,
און האָט זיין רו שוין אויסגעשפרייט
אויף פענסטערלאַך, אויף פריזבעס דאָ.
איך קוק זיך ווי א פרעמדער אום,
און באַלד דערפיל איך היימיש, גוט,
כוועל גיין הינטער א פארמאַכטער שטעל,
און דאָרט אוועקלייגן מיין זאק,
און ביי דער ברעטערדיקער וואַנט
אראָפּשטויבן דעם שטויב פון זיך.
און מיט א שטיק פּאַפּיר פון דר׳ערד,
ארומווישן מיינע שווערע שיך,
און אויפהויבן דעם קאָפּ אין דער הויך.
צום הימל און צו זיין בלויער רו.
מיט טרויער־פרייד זיך אָנרופן:
גוט שבת דיר,
גוט שבת, גאָט.

און וועל אוועקגיין אין א שול.
און ביי דער וואַנט, דאָרט ביי דער טיר,
זיך שטעלן, צווישן אָרימעלייט,
פארויטלט, פייערלאַך דאָס געזיכט,
מקבל שבת זיין פאר גאָט.

איך האָב אזוינס געזען אמאָל,
און איצט, אז איך האָב זיך דערמאָנט,
אז איך האָב דאָס דערזען פאר זיך,
די אָרימעלייט אין שול ביים טיר,
האָב איך זיך צווישן זיי דערזען,
און כהאָב עס איצטער דורכגעלעבט
מיט אזא גרויסער ליכטיקייט,
מיט אזא גליק, מיט אזא פרייד,
מיט אזא אָפנקייט פאר גאָט
אין זיך.

כהאָב קיינמאָל נאָך נישט דורכגעלעבט
מיין תיקון אין אזא מין גרויס.
כהאָב קיינמאָל נאָך נישט ווי אצינד,

געזעגט זיך אזוי ערלאָך שטיין
אין אַן אָרט פון גאָנטקייט צו גאָט.
סאיז דאָ געוויין נאָך אין מיין הארץ,
און אויך אַצינד, אין אָט־דעם געמיט,
וואָלט איך דעם קאָפּ אַן וואנט אָנגעשפּארט,
און גאָר אַן בושה זיך געוויינט
מיט אַלע שווערקייטן אין זיך,
מיט אַלע שטראָפן אויף מיין הויט,
מיט אַלע ליידן ארום מיין האלז
וואָס שטיקן מיך.

נאָר — גרויס איז איצט מיין טרויער־פרייד
אנטקעגן מזרח־וואנט מיט ליכט,
די מלכּה שבת אין איר קרוין
שוועבט הויך אריבער אַלעמענס קאָפּ,
און איך האָב שוין כמעט נישט געגלויבט
אַז איך וועל נאָך טרעפן אין אזא אָרט,
ווייל בקום פון זייער זייער ווייט,
פון זייער זייער ווייט.

.2

מיר וועלן צוריק שוין ניט קומען
צום שוועל פון בית מדרש מיט פרומקייט.
דער דור פון די ליכטיקע ציידעס
געזעגנט זיך שטום ביים אוועקגיין,
נאָר איינער, דער שטילסטער פון אונז,
גייט אָפּ אין דער שטילקייט פון ווייטן,
און הערט די לעגענדע נאָך קלינגען.

וואו ביזטו, וואו ביזטו, לעגענדע?
אָ קום אונז נאָך איינמאָל צו חלום,
מיטן לויטערן ליכט אויף דיין טלית,
מיט דער קינדערשער פרייד אויף דיין פנים
מיטן וואונק פון אַ פינגער צום הימל.

מיר זיינען געבליבן אין גרויקייט
ווי נאָך אַ פארלאָשענעם יומטוב.
דער שמש קערט אוים שוין דעם פּאָליש,

דער הערבסט וואַרפט אין שול־הויף די בלעטער,
און קינדערלאַך קוקן דורך פענסטער
פון די פּאַראַרימטע שטיבער.
צי ווילסטו, צי ווילסטו דערלאָזן,
מיר זאָלן נאָר בלייבן אין טריבקייט
מיט שמאַטעס פון טמא טליתים,
מיט חלב פון וואָכיקע ליכטלאַך,
מיט שמות פון פּוסטע סידורים,
מיט ליידיקע רייד פון אַ נעכטן.

אָ האַלט נאָך דיין ליכטל, לעגענדע,
ביי אונזערע טרויעריקע טישן.
זאָל כאָטש נאָך אַ בענקעניש גליען,
אַ שאָטן די וואַנט נאָך פאַרסודען
אַ ניגון פון גוססע ווערטער.
אַ ניגון פון אל־מלא־רחמים.

אָט נאָך אַזאַ טאָג פון אָן־זינען,
פאַרבלייבן מיר ליידיק, ווי שטרויען
אויף קאַלטע פאַרוואָלקנטע פעלדער
דער רויבפויגל יאָגט אין די הויכן,
אין שרעק פון פאַרוויסטונג און טויטקייט
אין די פאַראומערטער לופטן.

אָ, האַלט נאָך דיין ליכטל, לעגענדע,
און זאָלן כאָטש אונזערע קינדער,
ניט זען אונז אין פּוסטקייט פאַראָרימט,
און זאָל אויף אַ בוידעם נאָך וואַרטן
אַ טעלערל, פּסחדיק, בלימלדיק,
פאַר זייערע קינדערשע אויגן.

עס נעמען דאָך יאָרן און דורות
פון גרויע און שטרויענע שעהן,
ביז וואַנען עס קומט צו אונז איינער
מיט אַביסעלע גאָלד פון לעגענדע,
און שפּרייט עס ווי זוניקן שימער,
אויף אונזערע גאַסן און מאַרקן,
עס ווערן די ווערטער ווי קוויטן,
די זאַרגן און פינסטערע קנייטשן

קושן מיט טרוקענע ליפּן
די זון וואָס פאַרלויכט אַלע ערטער.

און ליב ווערט דער מאַנטיק און מיטוואָך
און גוט ווערט וואָס מ׳איז אויף דער ערד
אַזוי פרי און אין צייט אָנגעקומען,
אָט זיינען מיר אַלע פאַרשפּעטיקט,
און ווען אַוועקגיין פונדאַנען
אין שאָטן פון בלינדע טומאַנען,
אָן אַ ליכטיקן שימער פון גלויבן
אין אונזערע פאַרבלאָזע שויבן.

## צו ח. ק.

איך וועל דיר א לויטערקייט שפרייטן
איבער דיין גרויליקער וועלט.
איך וועל זיך דערמאנען א ניגון
וואָס איך האָב געהערט אין א חלום
און וועל מיט אים זינגען פאַר דיר,
א שטילערער מענטש ביי די מענטשן.
דו מענטש מיט די היימלאָכסטע ווערטער.
דו חורבן פון גרויסע געזאַנגען
מיט פונקען פון אש א גאַנץ לעבן,
סאיז גוט וואָס דו ביזט דאָ געקומען
פון לאָדזש, פון דיין טאַטנס א וועבשטול,
סאיז גוט וואָס דו דינסט אין האיאַס
אזויווי א פּאַפּוגיי ביי א בעטלער.
און מיט דיינע מידיקע ברעמען,
און מיט דיינע שלאַבעריקע הענט,
דערמאנסטו אָן היינען ביים שטאַרבן.
איך הער זיך איין צו דעם סוד פון דיינע לידער
און בין אזוי פאַרצווייפלט איבער דיר,
און בין אזוי פאַרלאָרן איבער דיר,
א מלך, וואָס קאָן מיט דער צערטלאָכסטע שפּראַך
צונויפרעדן זיך מיטן טויט, אלעמאָל.
איך בענק נאָך דיר פון מאָנטרעאַלער פּוסטקייט
צו זיצן מיט דיר אין דער קיך פון האיאַס
און עסן צוזאמען אן אָרימען מיטיק
פון האַרטע אייער און א גלאָז קאַלטע מילך.

# די זאָרג

ארום דעם אָרימען ברויט
פאַר מייניקע אָנגעגרייט
אויף מאָרגנדיקן טאָג,
מיט ביידע הענט פאַרקרייצט
איבערן ברעט פון הארץ
געשטאַנען איז מיין זאָרג
און פרום די ליפּן געווינט.
און אין מיין שטוב איז שוין
געשלאָפן מיין געזינד.
און דורך די פענסטער
האָט דער ווייכער ווארימער ווינט
די פאָרהאנגען געקנייטשט
און קילקייט, רו, געמיט,
האָט אין מיין שטוב געבליט.
מיין ווייב, און לעבן איר
די קינדערשע שיינע קעפּ
מיט שווארץ־צעווייטע האָר,
האָבן געאָטעמט גרינג.
און מיר איז אזוי גרינג
און אזוי שווער געווען.
און אין די צימערן דאָ
האָב איך געהערט
מיט זייערע גרינגע טריט
ארומשפּאַנען די זאָרג
א שטילע, אין איין העמד.
די האָר פון שיינעם קאָפּ
נאָך שווארץ, נאָר וואו ניט וואו
א שנירל זילבערן־ווייס
און — אָטאָ וועט זי באלד
אריינקומען אין קיך
זיך זעצן לעבן מיר,
און אָננעמען מיין האנט
און קוקן גוט אויף מיר
וואָס איך האָב אָנגעגרייט
דאָ אויפן טיש דאָס ברויט
פאַר מאָרגנדיקן טאָג,
פאַר מאָרגן אינדערפרי.

# צו וועמען?

צו וועמען וועט דאָס קינד דערוואַקסן?

צו מיר? — אַ מידן מאַן אין יאוש,
קוק לאַנג שוין פונדערווייט אויף זאַכן,
אויף דער צוטומלטקייט פון מאַרקן.
נאָר אין חידוש נאָך אַמאָל: ווי אַזוי פּאַרט
איז אויף מיין ברעם געבליבן קלעפּן
דער גאָלדענער שטויב פון יענער שיינקייט
פאַר וועלכער מען טוט זיך איבער
אין אַנדערע קליידער און אַנדערע ווערטער.
און דער פאַרנאַכט שטראַלט פרום און הערלאַך
איבער די פּנימער און גאַסן.
דער זייד דער רויטלאַכער וואָס שפּרייט זיך
איבער דעם איינגעשטילטן הימל
פּאַרציט אין אַזאַ פרידלאַך זינגען,
אַן איידל גאָלד פאַלט איבער דעכער,
מהערט עס קלינגען.

צו וועמען וועט דאָס קינד דערוואַקסן?

צי וועט עס פון מיין שוועל אַוועקגיין
מיין שטוב וועט הינטער איר פאַרבלייבן
אַ שוועל פון אַ פאַרמאַכטן קבר.
דאָס אַלטע בוך וואָס כהאָב געבלעטערט
וועט ליגן שטום אין אַ טויטן קעלער,
סוועט קיינער אין זיין פינסטערן חלל,
נישט קומען מיט אַ ליכטל אויפזיין.
איך האָב עס נאָך געטון — אין דמיון,
אַזוי רעאַל און אַזוי אמת,
ווי יענע ערלאַכע בחורים
מיט די אַוועקגעקרומטע אַקסלען
צו אַלץ וואָס גראָבט און זייט פאַרטרויט
אין די גערטענער פון עולם הזה.
זיי זיינען אויך געוועזן פּראַסטע,
דאָס קלענסטע שטיקל ברויט גענומען
מיט ברכות פון גאָטס האַנט, צו עסן.
און ווייטער זיך אַראָפּגעבויגן
איבערן אייגענעם שאָטן —
קליין, פאַרגעסן.

צו וועמען וועט מיין קינד דערוואקסן?

מיין קינד — ער זאָל כאָטש נישט אוועקגיין
אין מארק, צ יענער מחנה סוחרים
וואו איך פלעג מורא האָבן דורכגיין
פארן חוזק פון דער פיפיקער חברה.
מיין טאָג זאָל ניט פארלאשן־ווערן
אין פינסטערניש אויף אייביקייטן,
צום צענטן דור קאָן דאָך נאָך טרעפן
זאָל זיך ארויסרייסן נאָך איינער
וואָס וועט זיך ווידער לאָזן זוכן
דאָס ליכט וואָס האָט נאָך מיר געלויכטן
דאָ הינטער שווערקייט און פארשווערונג.
און זאָל נאָך קאָנען דאָ דערמאנען
דאָס וואָרט וואָס בלייבט אויף אייביק הייליק
און אייביק תפילה אויף די ליפּן.
זיין ניגון שפּילט אראָפּ פון הימל
אין זייד אין רויטלאכן פון אָוונט
פארציט אין אזא פרידלאך זינגען
אָן איידל גאָלד פאלט איבער דעכער

מ׳הערט עס קלינגען.

# בורא פּרי העץ

איך מוז, איך מוז פֿאַר זיך
דאָך זען ערגעץ אַ שטיקל ליכט
פֿאַרקערווע־איך זיך אָפּט
אויף יענעם וועג
וואו דו האָסט ליים געפֿירט.
איך זע דיין וואָגנדל,
דיין אָרעם פֿערדל שפּאַנט
און דו, אַ פֿראָסטער איד,
אַ בייטשל אין דער האַנט.
און — הויך דער וועג אַרויף
אַ בערגלדיקער און — אַרום,
אַ שטיבל דאָ און דאָרט,
און פֿעלדער שטיל און פֿרום.
דער תּמוז־טאָג איז מילד
דער תּמוז־הימל — בלוי,
און אויף דער גרויסער ערד
צעוואָרפֿן דאָ און דאָרט — אַ גוי.
— גאָטהעלף! — גאָטהעלף!
זאָל גאָט געבן געזונט!

און אָט־אָ זע איך דיך:
דו פֿאָרסט אין שטאָט אַריין,
דער קליינער אידישער מאַרק,
די רייען קלייטן אַרום,
און גויאישע וועגענער
צושטעלטע דאָ און דאָרט.
דיין אָרעם פֿערדל שפּאַנט,
און דו גייסט נאָך אַזוי־אַ
טריט אין טריט, באַטראַכטס
דאָס קליינע שטיקל פֿאָלק
וואָס האָוועט נאָך זיין ברויט:
די אַלטע פּנימער
און שטערנס — צוזקערטע,
צוגראַבענע ווי ערד.
אָ, די פֿאַרגראַבענע זאָרג,
ווי קאָן מען פֿון איר תּהום
אַרויסרופֿן אַ שטראַל

כאַטש ווי אַ גרעזל דין.
כוואָלט מיין געצעלט געשטעלט
ביים זייט פון אָט־דער וועלט,
ווי דער אַלטער טאַטע אברהם.
און — טראַכטנדיק אַזוי
שטעלסטו דיין פערדל אָפּ
לעבן אַ ליידיק שטיק גאַס
וואו סשטייט שוין ביז אַ העלפט
די ווענט פון אַ ניי הויז,
און שיטסט דיין ליים אַרויס,
און סשטייען שוין אַרום דיר
די מוליאַרעס שמייכלענדיק
און דו טיילסט אַלעמען איין
אַ פּאַפּיראָס טוטין.
און שיין איז היינט די זון,
און ביימלאַך בליען גרין
דאָ טאַקע אויפן אָרט.
און — אָט־קומען שוין אָן
קינדער פון אַרום
און שטעלן זיך אַרום
דיין פערד און וואָגנדל,
און רייסן זייערע קעפּ
אין וואָגן — ווילן זען
צי האָסטו אויבעט היינט
פון דאָרף עפּעס געבראַכט?
געוויס האָסטו געבראַכט.
און איידער די פאָרסט צוריק
זיצסטו אין וואָגן און טיילסט
די קליינוואַרג — דיין געשאַנק
פון דיין ווייסער בלעכענע קוואָרט
די ווינשעל און ווינפּערלאַך.
און אַז אַלע האָבן שוין
די הויפּנס פול און פול,
גייסטו אַראָפּ צו זיי,
און אַלע מיט אַמאָל
צוזינגען זיי זיך העל
אַ בורא פּרי העץ.
מיט אַזאַ גרויסער פרייד
איבער דער גאַנצער גאַס.

# סמ׳יקער שמייכל

אַ סמ׳יקער שמייכל,
ניט שנירל זיך דורך
אַזוי אָפט מיט דיין שאַרף
אויפן זייד פון מיין וואָרט.
דיין ליכטיקער שטרייף
איז פאַרצערלאַכע קלוגשאַפט.
איר באָדן איז אַש
און איר פונק — אויף די ווינטן.
און איך האָב נאָך ליב דאָ
דעם וויין־דופט פון עפּל —
פון די גאָלדענע פאָלעס
פון וואַרימען אָקטאָבער.
צעווייט ער, צובלאָזט ער זיך
זיס אויף די גאַסן.
און איך האָב נאָך ליב דאָ
וויין פון ווייבלאַכע ליפּן
און צוזאָג וואָס זינגט
אונטער וואונקען פון ברעמען;
דעם צובלעטערטן זומער;
אויף די שויסן פון גאַסן —
צעשפּילטע, צעזונגענע
כוואַליעס פון קינדער.
אַ לויב און אַ ליכט
פון אונטער באָרוועסע פיסלאַך.
כוואַלט צעוואָרפן מיינע לידער
ווי די זון וואַרפט איר זון
איבער הויפן און פּלויטן,
אויף שוועלן און פענסטער.
אָ ווער קאָן אַזוי ברייט,
אַזוי אָפן און גרייט,
זיינע פליגלען צושפּרייטן,
זיינע אָרעמס צונעמען
און איינמאָל, אַ רגע,
נאָר אויף אַ רגע,
אַרומנעמען דאָס לייב

פון אַ זומער נאָכמיטאָג,
וואָס שפּילט אויף דער וועלט.
און ווער קאָן דערהערן
די דין־דינע קלאַנגען
פון דעם אָוונטס געזאַנג,
פון דעם אָוונטס געבעט,
ביי דעם טונקל פאַרשפּרייטן
מזבח אין מערב.

אַ צואַקערט זיך נאָך,
און פאַרזייט זיך נאָך ברייט
גוטע ערדן פון לעבן.
און שפּילט נאָך מיין ליד
מיט באַלאָדענע צווייגן,
גוטע בוימער אין גאָרטנס
און — סמ׳יקער שמייכל,
ניט שנירל זיך דורך
אַזוי אָפּט מיט דיין שאַרף
אויפן זייד פון מיין ליד.

# דאָן קיכאָט

...און איך וואָלט נאָך געקאָנט דערציילן
אַז כבין ביז איצטער אין מיין וועלט
נאָר דורכגעגאַנגען דורך קליינע דערפער,
דורך אַלטע פרומע ישובן
און כהאָב נאָך באַגעגנט אין אַ דאָרף
אַ הונדערט־אַכציק יאָריקן
דעם וואוילן ליבן דאָן־קיכאָטן.
ווי כבין מיט אים געזעסן ביים ברעג פון טייך
אויף האַרטע קליינע שטיינדלאַך, שעהן לאַנג,
און ווי ער האָט מיר פרום און שיין
דערציילט זיין וועלט־נסיעה,
מיט זיין חבר סאַנטשאַ, עליו השלום.
כאָטש וויים ווי זילבער איז שוין זיין באָרד,
און זיין קאָפּ איז ליכטיק ווי זון,
איבער קאַלטן לויטערן הערבסט־טייך,
זיינען נאָך די אויגן זיינע יונג,
און קוקן נאָך מיט קינדערישן כישוף
און מיט העלער פרומקייט צו אַלץ, צו אַלץ,
וואָס פאַלט נאָר פון זיין ליפּ אַרונטער.
זעלטן אַז ווערטער, פּראָסטע מענטשלאַכע ווערטער
זאָלן האָבן אַזאַ געשמאַקן טעם,
און אַזאַ וואוילן ריח.
זעלטן אַז פּשוטע רייד,
זאָלן קומען אייך אַנטקעגן
מיטן אָטעם פון גראָזן,
וואָס הויבן זיך צום רעגן.
איך האָב געהערט זיינע רייד,
און נישט געפילט אפילו,
אַז סאיז געוואָרן פאַרנאַכט
און די זון איז נישט געווען מער,
און די וועלט האָט געשאָטנט
און דער טייך האָט זיך פאַרטראַכט.
און פון יענער זייט ברעג,
האָט אין אַ פענסטער געברענט
אַ לעמפּל און ער, דער אַלטער דאָן,
האָט זיך פאַרחלומט פאַרקוקט אַהין

און מיר אַנגעוויזן מיטן פינגער פון ווייט
אויפן שפּיץ פון אַ קלויסטער
אין דער גרויער פאַרנאַכטיקער לופט.
דאָרטן, האָט ער געמורמלט שטיל,
שלאָפט דער הארציקער סאַנטשאָ.
זיין פּנים האָט יוגנטלאַך אויפגעלויכטן:
דאָס איז געווען אַ מאַן! אַ העלד!
אַ מענטש פון גרויסן חלום!
איינער אין דער וועלט!
ער האָט צוגומען די הענט
און זיי צושפּרייט אין אַזאַ קינדערשער ווייט,
און מיט התפעלות און פריידיקייט
געטענהט אַלץ, אַז ווען ער,
זאָל נישט געווען אַזוי פלוצלונג אַוועק,
וואָלט שוין די גאַנצע וועלט
אַן אַנדער פּנים געהאַט.
און אַלע הונגעריקע — זאַט
און אַלע זאַטע — גוט און פרום.
אַלע וואָלטן מיר געוועזן שוין מלכים,
און די מוידן און ווייבער — מלאכים.
און גרויס איבער אַלע עקן וועלט
וואָלט געווען דער פאַרדינטער רום
פון אים און זיין פריינט סאַנטשאָ
האָט ער געשאָקלט מיטן קאָפּ
צו דער ערד אַראָפּ.

מיר זיינען געגאַנגען מיטן ברעג פון טייך
כאָטש סאיז געווען שוין טונקל־שמאַרק.
דער ליבער דאָן קי. האָט מיך געפירט,
און איז געגאַנגען פאָראויס,
ווי ער וואָלט געווען אַליין
דער אָפּשיין פון אַ ליכט.
דאָס האָט ער מיך געפירט
אויפן וועג צו יענער זייט
צו דעם בית עולמל וואו סליגט
דער גוטער פאַנטשאָ איינגעוויגט,
און שלאָפט זיין אייביקן שלאָף
מיטן פּנים אַרויף.

שוויגנדיק זיינען מיר געבליבן שטיין
ביים טויערל פונם טויטן־הויף.
ער האָט אַראָפּגעוויקלט דאָס שטיקל אייזערנע קייט
און זיך געהיט מיטן מינדסטן קלאַנג
און ווען מיר זיינען ביידע שוין געווען פון יענער זייט,
האָט ער פאַררוקט צוריק דעם טויער.
און נעמענדיק מיך אונטערן אָרעם
האָט ער מיך געפירט לעבן די קברים.
כאָטש קיין לבנה איז אויף דער וועלט נישט געווען,
האָט מען דאָך געקאָנט ארום זיך זען
אַז די מצבות פון האָלץ
זיינען שוין זייער אַלט
און איינגעפאַלענע.

ער האָט זיך צוגעבויגן צו מיר
און מיר אָנגעוויזן אויף אַן אַנטקעגנדיקן אָרט:
אָט־דאָרטן שלאָפט ער דער אַלטער קאַמעראַד.
און באַלד טאַקע זיינען מיר געשטאַנען דאָרט,
און ער האָט אָנגעהויבן לייענען ווי פון אַ בלאַט,
די גרויסע מעלות וואָס דער טויטער האָט געהאַט
— די גוטסקייטן וואָס ער האָט געטון —
געוואַרימט מענטשן ווי די יונגע זון
וואַרימט אויס דאָס פאַראיאָריקע גראָז
ווען דאָס לעצטע הייטל שניי צושמעלצט
זיין האַרץ איז געווען ברייט
און אָפן ווי די וועלט.
ער האָט זיך איינגעשטעלט
פאַר אַלע אָרימעלייט פון דאָרף
און איז געווען בראַוו און שאַרף
מיט זיין וואָרט אַנטקעגן די לייט פון מאַגיסטראַט,
מהאָט פאַר זיין ערלאַכקייט מורא געהאַט
האָט מען טאַקע אין זיין צייט
צום הקדש צוגעבויט נאָך אַ שטיק בנין
און דרייצן בעטן אַהין אריינגעשטעלט.
און דעם בעטלער ביים קלויסטער־טרעפּ
האָט ער אַליין ביים שניידער באַשטעלט
אַ שוואַרצן פּראַק אַ לאַנגן מיט קלאַפּן פון זייד,
מיט סאַמעטענע קנעפּ גאָר היבשע.

ווי אַן אמתער גראַף איז ער געווען אָנגעטאָן
ווען ער איז געזעסן זונטיק, אין דער פריער זון
ביים קלויסטער שוועל מיט דער פושקע אין האַנט
(אום אַ נייע, פון ריינסטן קופּער־בלעך)
און געבעטלט גענאָד.
אין נאָמען פון דעם הייליקן זון
און פון זיין פאָטער, גאָט.

ער האָט אָפּגערעדט
מיר זיינען נאָך אַ היבשע צייט
אַרומגעגאַנגען איבערן בית־עולם הויף
די טויטע אונטער די בערגלאַך ערד
זיינען געשלאָפן און געאָטעמט גרינג,
ווי קינדער קליינע אין דער נאַכט.
זיי זיינען געלעגן איינגעהילט אונטער זייער רו,
און גאָטס גענאָד האָט אַרומגעשוועבט
איבער דער קילער לופט.
די לופט האָט געלעבט,
דער טונקעלער הימל האָט געלעבט
און די שלאָפנדיקע טויטע האָבן געלעבט.
נאָר איך און ער זיינען געווען
פון אַן אַנדער וועלט
און האָבן קוים געהערט
די טריט וואָס מיר האָבן געשטעלט,
און — אונטער זיך די ערד.

# די אַלטע גאַס

אין אונזער ווינקל לעבן
קוואַרע מענטשן, און לעבן זיי
דאָרט קעץ — די גאַס,
די גאַס איז אַזוי אַלט שוין
זיבעצן מאָל האָט מען די ווענט
מיט גרינע פענסטער שוין געפאַרבט,
און די אַלטקייט שטאַרט
און קוואַרט אַרויס פון יעדן ציגל
פון דער ברייטער וואַנט מיט פענסטער.

און פון אינדערפרי, צי זומער,
ווינטער, תמיד קלאַפּן רוי
די צוויי־רעדערדיקע קליינע וואָגנס
פירן קוילן, און דער שוואַרצשטויב
לייגט זיך אומעטום און פינסטערט.
דאָרט אַראָפּ אַ גאַס, ניט ווייט,
שטייען רויכיקע פאַבריקן.
פּראַכטוואַגאָנעס איבער שטיקלאַך רעלצן.
רעלצן־רעשטן ברעכן אָפּ זיך.
זשאַווערן איבער שטיקער ערד מיט גראָז
און הײמלאַך־אומהיימלאַך איז דאָרט.

זונטיק שווייגט דער געגנט.
פרי אין לינדן ליכט פון טאָג
מאַך איך דאָ מיין רו־שפּאַציר.
כוויים אַליין נאָך נישט פאַרוואָס,
כהאָב ליב די אומעטיקייט דאָרט.
פּלויטלאַך פוילן. ברעטער בייגן זיך איין.
טרויעריק זיינען די אויגן־פענסטער
פון פאַבריקן וואָס שטייען צוגעמאַכט.
אינדערוואָכן האָב איך דאָ געזען
זיצן חברה, פּנימער פאַררויכערטע,
און געגעסן מיטאָג און פאַרטרינקען
קליינע פלעשלאַך מילך. כטראַכט:
אָט־די מענער זיינען אינגלאַך
זייערע ווייבער זיינען זייערע מאַמעס,
פרי־פרימאָרגן שיקט מען זיי אַרויס

פון די נאָך־טונקעלע שלעפעריקע שטיבער
דורך די פענסטער קוקט מען זיי נאָך.
און מען וואַרט אויף זיי מיט טריבער גוטסקייט.

און איך האָב ליב צו קוקן זונטיק
אויפן צוגעבויטן קאַנטאָרל. נייע, פיינע
רויטלאַכע ציגל — לעבן פאַרב־פאַבריק.
און אַ פיינטשיק שילדל איבערן טיר:
גאָלדענע געשניצטע אותיות,
קוקן צו מיר ליריש־גוטמוטיק.
אפשר איז אין דעם נאָר שולדיק
די אינדערפריאיקע מילדע זון
דער זונטיק וואָס קומט שוין אַהער אָן
זינט יאָרן־יאָרן און האָט שוין דאָ
זיין שטימונג און טראַדיציע פאַרשפּרייט.
און אַזוי גייט עס שוין און גייט
פון זינט איך ווייס אַליין ניט ווען.

און אַמאָל — אַ זונטיק אינדערפרי,
ווען די שטיבלאַך שלאָפן דאָ נאָך,
זעט מיר אויס דאָס געשטאַלט פונם געגנט
ווי אַ וועלט פון זייער לאַנג־צוריק:
דאָ לעבט אַן אַנדער דור,
און האָט מיט מאָנטרעאַל נישט צו טון.
דאָ שיינט אַן אַנדער מין זון
אַן אַנדער טאָג און אַן אַנדער פאַרנאַכט.
פאַבריקן שטייען שוין לאַנג פאַרמאַכט.
דער רויך ליגט איבער דער ערד
די רויטע וואַגאָנעס אויף די שטיקלאַך רעלן,
שטייען ווי אויסגעשפּאַנטע אַלטע פערד.

# סידור

בעל שם טוב לערנט נישט קיין חריפות —
ער האַלט פאַר זיך אַ פּראָסטן סידור
עס הויבט זיך אָן דאָרט פון מה טובו,
און ענדיקט זיך ביים סוף מיט תהילים.
נאָר פול איז איטלאַך וואָרט פון סידור
מיט גרויס געזאַנג פאַר דעם בעל שם טוב,
די תפילות שטראַלן אים אַנטקעגן
ווי ווייסע ליכט מיט העלע פלאַמען.
דער סידור, זאָגט ער, איז מיין תחינה,
כהאָב אים געירשנט פון מיין מאַמען.
ער זאָגט די ווערטער און פאַרטייטשט זיי
מיט עברי טייטש: אלוהי מיין גאָט,
נשמה, די זעלע, וואָס האָסט אין מיר געטאָן געבן,
טהורה — ריין, היא — זי — זי איז לויטער.
טאָ גיב מיר, זינגט ער זיך פאַנאַדער,
איך זאָל זי קאָנען לויטער האַלטן,
ווי דו האָסט איר אין מיין לייב געגעבן.
כזאָל ביזן דיך אין טרויער אומגיין,
נאָר אויף איר לויטערקייט און ריינקייט
וועל איך קיין פלעק ניט לאָזן פאַלן.
כוועל קומען אין דער נויט פון יסורים,
פון מיינע פשוטע און ליבע,
און וועל איר לאָזן ווייס צושפּרייטן
אריבער זיי אירע געזאַנגען.
ז'איז פול מיט לידער, מיין נשמה,
פון לויב און ליבשאַפט טוט זי זינגען
צו דיר, מיין גאָט, גאָט פון די אבות.
כוועל זינגען דאָס געזאַנג פון אברהמען
ווי ד'האָסט אים אין דער נאַכט גערופן,
און אויסגעשפּרייט פאַר זיינע אויגן
דעם הימל מיט די גרויסע שטערן
און כורת ברית געווען אויף — גלות,
און נאָכדעם אויסגעלייזט צו ווערן.
כוועל זינגען דאָס געזאַנג פון יצחקן,
זיין אויפגיין צו דעם באַרג, מוריה.
כוועל נאָכגיין זיינע טריט, כוועל נאָכגיין,

כוועל נאָכגיין שאָטנדיק און שווייגן
און זען דעם נס מיט מיינע אויגן.
כוועל זינגען דאָס געזאַנג פון יעקבן
פון אונזער שטילן פאָטער יעקב,
בשעת ער איז אין וועג אין ווייטן
פון עשיון אין שרעק אנטלאָפן.
און זיבן יאָר געדינט ביי לבנען
און ווידער זיבן — אין היץ, אין האָגל.
כוועל זינגען, גאָט, פון גאַנצן וואָגל
פון ערד צו ערד, פון לאַנד און ימען.
אָ, רוף, אָ רוף אונז שוין צוזאַמען
פון אַלע גלותן און מדינות,
און שיק אונז שוין אַרויס אַנטקעגן
דיין העלן שטערן אויף די וועגן,
מיר זאָלן ווידער פאַר דיר קומען,
ווי דו האָסט אונז צונויפגערופן,
ווי דו האָסט אונז צונויפגענומען
ווי שאָף, אַרום דיין הייליקן סיני.
און האָסט אונז פאַר דיין פאָלק געהייליקט
וועסטו אונז דען ניט הייליקן ווידער,
ווי ס'שטייט געשריבן אין דיין סידור?

# אַז דו...

בלויז מיט מיין רוף צו דיר
האָב איך זיך שוין געהיילט.
ביזטו דאָס דען ניט דער,
וואָס גיסט אָן ליכטיקייט
אין פינסטער פון מיין וואָרט,
אַז איך זאָל ווידער קאָנען
טון אַ גרינגן טראָט
פון מיין באַגרעניצטקייט,
פון מיין פאַרענגטער שוועל.

כבאשאף אליין מיין ליכט,
נאָר — דו דאַרפסט תמיד זיין
דער היטער איבער מיר.
ווען איך פאַרגעס אין דיר
ווערט ווידער וויסט און הויל
אונטער מיין פוס די ערד.
אָ יענע פינסטערע נעכט
פון ליידיקייט און טויט,
און זאמד איבער מיין האַרץ,
ווען כהאָב דיך נישט געהאַט.
און נישט איין וואָרט וואָס זאָל
מיר עפענען זיין קוואַל,
און גיבן מיר אַ טרונק,
אַ טראָפּן אויפן צונג.
דאָס איז געווען דיין שטראָף
דיין פירן מיך צום סוף.
נאָר האָסט אין מיטן וועג
מיך ווידער פרייגעלאָזט.
אויף ערד פון יונגע טעג,
פאַרזומערט און פאַרגראָזט
און יעדעס קלאַנג איז מיר
געווען צו דיר אַ טיר
און איטלאַך פשוט וואָרט
איז מיר געווען אַן אָרט
וואו דו האָסט אויפגעשטעלט
דיין הויז, דיין שטיל געצעלט.

און אויף די טונקעלע ווענט
האָסטו מיר דיינע הענט
די פּאָטערלאַכע אויסגעשפּרייט,
און איך האָב איינגעהילט
מיין קאָפּ אין ווייסן זוים
פון דיין צעשפּרייטן קלייד,
און מיר איז גוט געווען.
אַז די דערזעסט מיך קליין,
פאַרפייניקט נישט מיין בלוט.
אַז דו דערזעסט מיך וויסט,
פאַרצאַפּלט ניט מיין האַרץ.
און פון דיין טראָט, דיין זוים,
הויב איך זיך ווידער אויף
מיט אַ געטרייסטן קאָפּ.
און גיי צוריק אַראָפּ
מיטן שטעגל, זאַמדיק־שמאָל,
אין נידעריקן טאָל,
צום שאָטן פון מיין היים.

# וואַלד

דו קומסט צו די אָרימע הערצער,
און פּרואווסט זייער תמימות.

עס הויבן זיך אויף צו דיין פּנים
די קינדערשע אויגן און לאַכן,
און בעטן אַ מעשה דערציילן.

דערצייל אונז אַ מעשה פון בוימער,
פון שטיבל אין וואַלד, פון די ווינטן
וואָס ווייען־אָן פרומקייט פון אלול,
און סנעמען די בלעטער זיך גאָלדן,
און סנעמען די הימלען אין מערב
צובלאַנקען מיט פייער פון טרויער.
און סשניידט אַזש די שפּעטקייט פון אָוונט
מיט בלוטיקע ישווערדן.

סאיז אלול. אַ וואַלד אַזאַ הויכער,
אַ וואַלד אַזאַ אַלטער און גרויסער.
און אינמיטן זיין גרויסקייט און אַלטקייט,
און אונטער זיין הויכקייט און שטאַרקייט,
שטייט דאָרט אַ שטיבל אַ נידריקס,
וואוינט דאָרט דער אַלטער שומר.

יומכיפּור אין שטעט און ישובים.
און דאָ איז ער איינער, זיין מקום
איז ערגעץ אין ליטע פּאַר מיילן,
געמוזט דאָ פאַרבלייבן און היטן.
און אָט ווערט שוין שפּעט, צו כל נדרי.
דעם ווינט הערט ער ישאָרכן אינדרויסן.
דער וואַלד איז פאַרוואָרפן מיט בלעטער
נאָך דאָ אויף די בוימער אין נעסטן
אויף טרוקענע צווייגן — אַ פויגל.
אָן איינציקער אפשר, ווי ער איז,
דאָ איינציק אין שטיבל, אין נידריקן.

און־אָט האָט ער נאָר־וואָס פאַרנומען
אַ פלאַטער פון יענערזייט פענסטער.

אָט — ווידער, אַ שפּייז פון אַ פויגל.
דאָס איז דער פויגל דער איינציקער
ווי ער דאָ אין וואַלד נאָך פאַרבליבן.
און — סוועדט אים אויך עפּעס אַ חידוש,
אַ חידוש, אַ סוד און אַ וואונדער:
וואָס עפּעס פלאַטערט ער איצטער
דער פויגל דאָ איבער זיין פענסטער.
און — פוניענערזייט שאָרכן די בלעטער.
דער ווינט שאַרט דאָרט אויבעט אַרום
ווי מיט פייגעלישע פיס אינדערנידער.
און — סוועדט שוין די שעה פון כל נדרי.
ער קוקט אינם פענסטער — די הימלען
ווערן רויטער פון צווישן די בוימער
עפּעס ווייט פון דער שטילקייט מיט פּחד,
און מורא און שווייגן פון וועלטן.

ער טוט אָן זיין טלית און שטעלט זיך
צום וואַנט מיט פאַרהויבענע ברעמען.
און הויבט אָן שטיל זינגען: כל נדרי.

פוניענערזייט שטייען די בוימער
הויך־הויך ביזן הימל אין שווייגן.
און דער איינציקער פויגל דאָרט ערגעץ
אין נעסט איבער ליידיקע צווייגן.

און
טונקעלער ווערן די שעהן,
טונקעלער פאַלן די שעהן.

# צוריקגעקומען...

און אָפּטמאָל, דאכט זיך מיר,
אַז דו ביזט ווידער אין מיין הויז.
און אַז איך זאָרג פאַר דיר.
און אַז דו ביזט שוין גרויס,
און שטייסט אַ דינע און אַ שווייגנדיקע,
אין דער אָפענער טיר פון הויז.

און אין מיר טיקט שוין אַלט
מיין לעבן. איך צי מיין טאָג.
מיין וועג איז שטיל און גרוי,
און כרו זיך אָפּ אין טריטיקן גאַנג,
נאָך יאָרן גרויסן רויען פּיין.
אָן איינגעשטילט געוויין איז מיין געמיט.

און מאָדנע, מאָדנע,
ווי מיר טוט נישט באַנג
וואָס איך גיי זיך שטילערהייט,
אוועק פונדאַנען. און אָן רייד
אויף עמיצן, וועגן אָפּגענאַרטקייט,
פּאַראַט וואָס הערט נישט אויף
צו ווייטאָן ביזן סוף. —
ס'איז מיין פאַרשאָלטענער זכות. —
וואו זאָל איך וואַרפן דאָס וואָרט
מיט גיפט, מיט וויסטן אומעט.
סאיז מיין פאַרשאָלטענער זכות
צו שטאַרבן איבער דעם,
טרויעריק, ווי כהאָב געלעבט.
און זיך דאָ אומגעשלעפּט
פון איין פאַלשער שוועל
צו דער צווייטער,
ווי אויף אַ שווינדלענדיקער לייטער
אין דער ליידיקייט אַרויף.

און אַז עס דאכט זיך מיר,
אַז דו ביזט ווידער אין מיין הויז,
אַז סאיז פון גאָט מיר
קיינמאָל גאָרנישט אַזוי בייז־נעשען,

ווי סהאָט זיך מיר אויסגעדאַכט,
און כבין נישט אויסדערווײַלט
צו גיין אין קינס שאָטן
ווערט מיר אַ רגע אַזוי לײַכט,
און דאָס וואָס דער טאָג דורכן פענסטער
קוקט אויס אַזוי אויסגעבלײַכט,
און בלאָס און זילבעריק קלינגט
אַ מידקייט ווי דורך די ווענט, —
דאָס אַרט מיך נישט, פאַרקערט, —
דאָס שפּילט מיר טרויעריק צו
צו מיין אַראָפּגעבויגן געמיט,
איבער מיין אומעטיקער ערד.

אַבי דו ביזט שוין אויסגעוואַקסן
און ביזט שוין שלאַנק און גרויס,
און איך האָב אַזוי פיל געזאָרגט
און נאָכגעגאַנגען נאָך דיינע טריט,
און געשפּרייט, ווי צווייט פון זון
מיין ליבשאַפט און מיין וואַרימקייט.
אונטער דיינע טריט.

# אין וועלט

אזעלכע, אזעלכע בני־מענטשן
אונטער די נידריקע באַלקנס.
דורות נאָך דורות — און סזיינען
די אַלטע אויף פּריזבעס געזעסן,
און פּרייטיק פאַרנאַכט איז דער שבת
געקומען פון שטילערע הימלען.

אָ, אונזערע אָרימע שטעלן,
און אונזערע טונקעלע קליידן.
עס האָבן די אַלטע שליסלען
אין אונזערע הענט געקלונגען
ווי אויסגעטועטע קייטן —
מיר האָבן די טירן פאַרשלאָסן.

דאָרט איבערן מערב, ווי כשוף
האָט זיך גאָלדענער חלום געגאָסן
אין לויטערע טייכן און ימען, —
איבער טייכן און ימען
שטילט דאָרטן איין דער סמבטיון.
מיר איילן זיך, איילן זיך.
עס ברענען שוין פענסטער אין קלויזן.

עס טונקלען די רויטלאַכע הימלען.
און איך — אזא אינגל א מאָדנער,
כבין הינטער די געסלאך אַרונטער.
דאָרט ביים פּאָדוואַל אין די זאמדן,
וואו סשטראָמען ארונטער די וואסערן
פון רעגנס — פון אלע גאסן.
דאָרט טאָליק ארונטער, ארונטער
שטייען שוין גויאישע שטיבער.
און דאָ ליגט א גראזיק שטיק ליידיק.
בין איך דאָרט געשטאנען אַליין,
און נאָכגעקוקט ווייט ווייט צום הימל,
ווי סהאָט זיך דער מערב געלאָשן.

איך, אזא אינגל, א מאָדנער,
מיט פרומקייט און מורא און טרויער,

האָב געהערט אין זיך קלינגען קלאַנגען,
האָב געהערט אין זיך קולות און רופן,
איך ווייס נישט וואוהין און צו וועמען.
נאָר נאָכגעגאַנגען וואָלט איך די שאָטנס
וואָס האָבן זיך לאַנגע און בלויע
געצויגן פון ערד און פון הימל.
כהאָב געהערט אין זיך קלינגען קלאַנגען:

אין דער וועלט וועלטן טויזנטער וועלטן.
איך וועל גיין מיטן וועג דאָרט אַרונטער,
כוועל גיין מיטן וועג צו די וועגן
וואו סאיז נאָך נישט קיינער געגאַנגען.

אין דער וועלט וועלטן טויזנטער וועלטן,
און כבין נאָך די שוועל פון מיין לעבן
ביז איצט נישט אריבערגעגאַנגען.

# אונזער מאַמע

1.

אונזער קליינע שטילע מאַמע
איז פון אונז אוועקגעגאַנגען.
יאָרן־יאָרן אַז זי שלאָפט שוין
אויף איר האַרטן טויטן קישן.
וואָס איז פון איר שטוב געבליבן?
וואָס איז פון איר בעט געוואָרן?
אין די לעצטע טעג פון זומער
פלעגט זי נאָך בייטאָג אַרויסגיין,
אויפן שוועל ביים שטוב זיך זעצן,
ניט געשטריקט קיין זאָק,
ניט פאַריכט קיין העמד,
נאָר אַזוי־אָ אַלט געזעסן
און געקוקט מיט מידע אויגן
אויף דער שיינער גאַס.
און די גאַס איז שיין געווען
גוטע ווייכע בלויע הימלען
שטיבער שטייען יונג און ליכטיק.
אינם גערטנדל אין הויפל,
אונטערן נידעריקן בוים,
גייט אַרום די ווייסע הון
מיט אירע געלע הינדלאַך.
אונזער קליינע, שטילע מאַמע
האָט געקוקט אויף אירע אַלטע הענט
און האָט געזען ווי אירע טעג
קומען, אַלטינקע, צוגיין,
זעצן זיך לעבן איר אַוועק —
באַבעלאַך מיט ווייסע טיכלאַך
באַבעלאַך מיט ווייסע שיכלאַך,
אַזויווי זי אַליין.

2.

אונזער קליינע שטילע מאַמע
האָט צווישן אונז געלעבט אינדערפרעמד.
אין אַ פינסטער ווינקל געהאַלטן פאַרשטעלט
אירע אַלטע אַלטע שבת־לייכטער.

פרייטיק בייטאג זיי אַרויסגענומען
אוןביים ברעג פון טיש אַוועקגעשטעלט.
מיר זיינען געקומען פון די רוישיקע גאַסן
מיט וואַכיקן שטויב און מיט וואַכיקן שווייס,
מיט וואַכיקער זאָרג און מיט וואַכיקער גרוי.
איז דער ווייסער טיש אונז אַנטקעגנגעגאַנגען,
אַנטקעגנגעקומען מיט געצונדענע ליכט.
האָבן מיר זיך אין די ווינקלען פאַרנומען
אָן ווערטער, און קוים מיט די טריט געריירט.
האָבן מיר אַלע די הענט זיך געוואַשן,
זיך אויסגעגלייכט און שווייגנדיק
זיך געזעצט אַרום טיש
אַרום די לייכטער מיט ליכט.
און ביים ברעג אונזער מאַמע
צווישן אונז — אינדערפרעמד.
מיר האָבן די ווייסע חלה געטונקען,
די קעפּ צו די טעלער אַרונטער שטום.
אויף די ווענט זיינען אַנדערע שאָטנס געשטאַנען,
און האָבן איבער אונז אַראָפּגעקוקט.
די מאַמע האָט איר טיכל אַרונטערגערוקט
אַריבערן שטערן צו די אויגן אַראָפּ.
נאָר פון די ווינקלען האָט אַרויסגעזילבערט
די ווייסע עלטער פון איר שיינעם קאָפּ.

3.

זי איז אַוועקגעגאַנגען
און זיצט שוין מערער נישט
אין אונזער שטוב ביים פענסטער
זי גייט שוין מערער נישט
אין מאַרק נאָך גרינצייג
יעדן ליכטיקן אינדערפרי.
און זי דרימלט ניט בייטאָג
אויפן ווייס־געשפּרייטן בעט
מיט איר מידן פרומען קאָפּ.

נאָר איר בעט
שטייט נאָך ביי דער וואַנט
אין אַלקער פון אונזער הויז.
און אויפן שמאָלן טישל

שטייען די שלאַנקע לייכטער
שטענדיק אָפּגעשייערט.
כבלייב אַמאָל אַליין אין שטוב,
קום אַריין אינם קליינעם אַלקער —
ווייסע ווענט און ווייסע שטילקייט.
ווייס דאָס בעט אין ווייסע רואיקייט.
לייג איך זיך אַנידער
אויפן ווייסן ווייכן קישן,
און פאַרמאַך די אויגן.
הער איך ווי דאָס שווייגן
איבער מיר ווי גרינע צווייגן
פון אַ בוים, בייגן זיך אַריבער
און זיי ווייען אויף מיין פּנים,
און זיי קילן מיר מיין שטערן
מיט אַזאַ גרינגער גוטקייט
אין מיין מיד אַנדרימלט ווערן.

4.

אפשר וועל איך זיין דער ערשטער
צו מיין מאַמען קומען רוען
ביי די טונקעלע שטאַכעטן,
ביי דעם רוענדיקן שאָטן
פון איר קליינעם פּלויטל.

און די הויכע גרינע גראָזן
וועלן מיין פּנים מיר באַרירן,
און די האָר פון מיין קאָפּ גלעטן,
ווי די גוטע פינגער
פון איר קליינער האַנט.

ברידער מיינע, עלטערע ברידער,
מיינע ביטערע, מידע יאָרן,
האָבן מיך אויף גיכערע וועגן
פאַר די הענט געפירט אַהערצו
און מיר דאָ געבראַכט אין אָוונט.

יונג בין איך געוואָרן עלטער
איבער אייערע אַלטע אַקסל.
מיט געזעגענונג און שווייגן
פון דער שוועל אַראָפּגעגאַנגען
און — אוועקגעגאַנגען.

# נעכטן און היינט

די אָרימעלייט, גרויסע מחנות.
און גרוי ווי דאָס שטויביקע זאַמד
איז דאָס לעבן פון איטלאַכן טאָג.
אָ, וויפיל געבויגנקייט שאָטנט
פון אַלטע, ווי קינדער באַשטראָפטע,
אריבער דער פשוטער תפילה
פון סידור — דער עמוד פאַר גאָט.
וואָס בעטן דערלייזונג פון וואָך.

און איך האָב דאָ שיינקייט דערזען
פון זייער טרייסלען די פּאַלעם די וואָך,
ווי זיי רייניקן זיך די נשמות,
ווי זיי רופן גלויביקע הענט
דאָס מלכות פון שענערן טאָג —

און שפּאַנענדיק איצטער אַליין
אין אַ וועלט לויטער שטויביקן שטיין,
איז, אויבן אויפן הויט פון מיין לייב
האָט די הארטקייט פון טויבן שטויב
זיך פאַרגראָבן און כהאָב נישט קיין קלייד
וואָס מען טוט אָן אין שעהן פון פרייד,
וועל איך זיין נאָר אַ לעצטער אַקאָרד
וואָס שטאַרבט אָפּ פון אַ הייליקן וואָרט.

אָ, איר אָרום מיר, איר פון היינט,
איך זע זייער קלאָר, אייער צייט
און דאָס פּנים אירס איז מיר נישט ניי.
און איך ווייס אויך די סיבה פאַרוואָס
איר פאַרלעשט פאַר אַלטע די וועלט.
און איך ווייס אויך דעם טיפערן קוואַל
פונוואַנען דער כח אייער שלאָגט,
און ער גיט אייך גערעכט צו זיין שלעכט,
און ער גיט אייך גערעכט צו זיין — רוי.
און איך האַלט מיר צוריק מיט אַ בליק
פון באַשולדיקונג איבער אייער קאָפּ.

איך לאָז מיינע אויגן אַראָפּ,
און איך זע איך אין גורל פון צער
ווי איר טראָגט אייער הייליקסטער פּאַן —
דעם אָרימענס צוריסענע העמד.
איך ווייס נאָר — מיין אויג איז פאַרשעמט,
פאַר מיין קינד איז מיין לעבן פאַרשעמט.

און — איך שטיי סייוויסיי פון א זייט
אַז איר ווילט — אַרויסגעוואָרפענער נאַר.
אַ בטלן פון הינטערן וואַנט
מיט אַן עלנט און ציטערדיק וואָרט
אין מיין טרויעריק־קינדערשער האַנט.

# אָונטמאָל

אונזער פאָטער,
לאָז אונז שטילע קומען
צו דיין שוועל אין אָוונט.

נעם אונז אויף,
און פיר אונז
צו דיין טיש,
דיין אָוונטמאָל.

דו — אינמיטן אונז אַלע,
מיר — אַרום דיר,
וואַרטן.

זאָגסט די ערשטע ברכה.
דיינע הענט די ליכטיקע
איבערן קאָפּ פון ברויט.

און מיר מורמלען נאָך
שטילע דיינע ווערטער,
דיינע שטילע ווערטער.

פירסט דאָס מעסער,
איבערן האַלז פון ברויט,

און מיר מורמלען נאָך
שטילע דיינע ווערטער,
דיינע שטילע ווערטער.

און דו שטעכסט אַרויף
אויפן שפּיץ פון מעסער
די המוציא'ס ברויט.

און מיר מורמלען־נאָך
שטילע דיינע ווערטער,
דיינע שטילע ווערטער.

# רב פּנחס קאָריצער

ער איז אַ קליינער איד.
טראָגט אַן אַלטן קעצישן שטריימל.
זיין טראט איבערן גאַס איז שטיל.
אַן איילעניש. דער אינדערפרי איז גרוי.
קוים־קוים טראָפּנט אַ דראָבנער רעגן
איבער די שטיבער און דער ווייכער טומאַן
צוגייט זיך און צוזייט פון דער ערד.
נאָר דער טאָג איז גרוי.

ער גייט אין שול דאַווענען
ניט מיטן ערשטן מנין.
ער קומט צום צווייטן און אַמאָל
צום דריטן מנין. ער האָט אָנגעזאָגט
מען זאָל אויף אים נישט וואַרטן קיינמאָל.
און נאָכן דאַווענען בלייבט ער אין שול:
אידן, גייט אין די קלייטן אַריין,
פּרנסה, און דער מאַרק איז פול
דער טאָג שטייט ניט. איך וועל גיין אַליין,
איר דאַרפט אויף מיר נישט וואַרטן,
כווייל נאָך זיצן דאָ אַביסל ביי אַ ספר.
אַזוי האָט ער איינמאָל אָנגעזאָגט,
און איז געוואָרן פּראָסט ביי אַלעמען,
ווי ער איז פּראָסט ביי זיך.
אַ פּשוטער איד פון שטאָט.

אידן גייען פון די שולן אין די קלייטן.
אין שולכל בלייבן נאָר אָרימעלייט,
זיצן ביי דער הרובע אָרימעלייט.
די שול איז זייער היים,
נאָכן דאַווענען ווערט וואָכיקער אין שול
און היימלאַכער — גאָטס שטוב,
וואו די אָרימעלייט רוען זיך אָפּ,
זיצן ביי דער הרובע שמועסן.
רב פּנחס האָט ליב צו זיין אין אָט־דער גרויער שעה
זיצן ביי זיין סטענדער אָנגעלענט,
איינהערן זיך צום תהילים פון אַן אָרימאַן.

סמאכט זיך, ווען אַן אָרימאַן צוזאָגט זיך,
און צורעדט זיך, און צוּשמועסט זיך
מיט גאָט און מיט דער וועלט,
מיט הימל און מיט ערד
מיט ווייב און קינד ערגעץ
אין ליטע ווייס־איך וואו;
מאַכט זיך אַז אַן אָרימאַן
צושמועסט זיך עס אַזוי
צורעדט זיך דורכן תהילים אינדערהויך.
רב פּנחס הערט און וואונדערט זיך,
רב פּנחס הערט און שטוינט, און שטוינט.
ער הערט און קאָרטשעט זיך איין,
גראָבט איין דעם קאָפּ אין זיך.
די אַקסל שפּיצן זיך איבערן קאָפּ,
ער וויל זיך אויסבאַהאַלטן, שטיל־שטיל,
דער אָרימאַן זאָל גאָרנישט וויסן,
אַז ער איז דאָ אין שול
אַז עמיצער הערט ווי ער רעדט,
ווייל ער דערקענט אין זיינע רייד
אַז אַזוי רעדן רעדט מען נאָר צו גאָט.
אַזוי רעדן רעדט מען נאָר, ווען מ'איז אַליין.
אַלע קוואַלן עפענען זיך אויף.
ווי אַ מעסער שניידט זיך די נשמה
דורך די וווּנט פונם גוף,
און שפּרייט די הענט אינדערהויך:
גאָט, גאָט, איך שטיי אינמיטן טייך
און ביזן האַלז דערגרייכן די וואַסערן,
באו מים עד נפש, גאָט.

רב פּנחס קאָרטשעט זיך,
ווערט קלענער, קלענער, אָט, אָט,
און ער רוקט זיך אונטערן סטענדער אַראָפּ,
און ער ווערט קלענער, קלענער,
איז ער איז שוין באַלד נישטאָ,
און ער איז שוין באַלד נישטאָ אין שול,
נאָר דער אָרימאַן איז דאָ,
און גאָט איז לעבן אים דאָ,
און ער רעדט צו גאָט,

זאָגט צו אים בלשון תהילים,
זינגט צו אים בלשון תהילים:
אדוני, גאָט האָסט מיך אַרויסגעשיקט
זיין אַן אָרימאַן איבער דער וועלט,
גיין פון טיר צו טיר, פון שוועל צו שוועל
בעטן גראשנס, מאָנען נדבות,
ווייסטו אפשר, גוטער גאָט,
וואָס מאַכט מיין נחומ'ל מיין אינגעלע,
און מיין אשה, בתיה בת רב ביינוש?
און, ווי ווייט איז נאָך צו ראש השנה?
סלאָזן נאָך די קעלטן שוין,
ראַכט זיך סמילדערט שוין דאָס וועטער.

רב פנחס זיצט ביים סטענדער.
דער אָרימאַן האָט אויפגעהערט
רב פנחס זיצט און שווייגט,
דער אָרימאַן האָט אויפגעהערט.
שלום עליכם, רבי, איר זייט גאָר דאָ?
שלום עליכם, רב איד, אָט זיך פאַרטראַכט
פאַרטראַכט און דערווייל איינגעדרימלט.

רב פנחס גייט אהיים,
שטיל איז זיין גאַנג.
דער טאָג איז גרוי.
די וואָך גרויט, גרויט
איבער דער גאַס.

# אין רו

אַט קום איך שוין אין דיינע יאָרן אָן,
און וואָלט אַזוי געוואָלט דערקענען דיין געשטאַלט.
ווי דו וועל איך מסתמא אויך ניט שטאַרבן אַלט.
ווי דו, בין איך אַ סופּרל, איך פיל זיך ווי אַזאַ
איך רוף דורך זיך אַרויס דיין לעבן אין מיין לייב,
און אין מיין האַנט וואָס פירט אויפן פּאַפּיר
זע איך דיין האַנט — אַ קליינע דאַרע האַנט.
און איינגעבויגן זע איך דיך —
מיין שאָטן אויפן וואַנט.

און אַזוי מיט זיך דורך זיך,
רעד איך זיך דורך מיט דיר.
און וואָס עס פעלט נאָר פון מיין ליפּ אַראָפּ,
זע איך דיר צושאָקלען דיין קאָפּ.
און הער דיין ענטפער אין מיין אויער אַריין
און היימלאַך איז מיר מיט דיר אין מיר צו זיין.

און אַט, עס זיינען שוין אַריבער די טעג,
מיר זיינען ביידע שוין אינאיינעם אויף איין ברעג.
מיר שלאָפן ביידע, נאָר אַ דינע וואַנט
צוטיילט און טיילט אָפּ מיין האַנט פון דיין האַנט,
מיין קאָפּ פון דיינעם, נאָר איך פיל
דו ליגסט לעבן מיר איינגערוט און שטיל.

און פונדעראַנדערער זייט וואַנט פיל איך
אַ קליינעם קאָפּ, קוים נאָענט צו מיין דיך.
אין טיפער שטילקייט, און אין רו פאַרוויגט
שוין לאַנג שוין ווי דו שלאָפסט דאָ איינגעוויגט,
און גוט איז מיר אַזוי דער שלאָף, די רו,
און גוט אַזוי וואָס דו ביזט איך און איך בין דו.
און וואָס איך זע אויך דורך מיין צוגעמאַכטן בליק
דעם קליינעם קאָפּ, ווי אין אַ שמאָלער וויג
די קליינע הענט און פיס אין וואַרימקייט פאַרהילט
און אָטעמט אַזוי שטיל, און דרימלט אַזוי מילד.

# דער בעלפער הקדוש

איך גיי דאָ ארום
אין זיין בליאונג פון אלטקייט.

פארמאכט אלע בתי מדרשים
פארהאקט אלע הייליקע טירן,
נאָר אין מיר איז דאָ ניגון,
און חסד פון תפילות.

איך וועל אים צעווייען
ווי פרישקייט פון מאָרגן
אויף שליאכן און מארקן.
אויף זאָרגן און וואָכן.
אין מיר און אויף מיר,
ווי אויף שטומקייט פון מצבות
דער ליכטיקער אָנדענק
פון די אבות אין געטאָ.
בעל שם טוב, רב פנחס,
רב נחמן, רב לוי.
די קאָרעצער גאסן
מיט אלט־אלטע שולן,
דער טרעפ בארג־אראָפּ
צו דעם וועג פון בית עולם.

די באָרגאס, פאררוקט,
און אַ וואסערל שנירלט
און שפּילט זיך,
און ישטילט זיך
אונטער הויכע גראזן.

ווי רופט איר דאָס? שטעטל?
און איך רוף עס: מקום.
אמאָל, און — מיר זיינען
אהערצו געקומען.
פונוואו און פונוואנען?
אפשר פון חרן?
מיט פורן, מיט בוידן,
און איינגעלאַך וואוילע

מיט זיידענע פּאות
און אויגן — ווי קוילן.

דערציייל אונז די מעשה
פונאָנהויב — ווי־אַזוי
מיר האָבן געשטעלט דאָ
די שטיבלאַך די ערשטע.
און ווער איז געווען
דער ערשטער מלמד?

דער ערשטער מלמד
געווען איז רב שמואלע,
מיט אַ באָרד מיט אַ ברייטער,
און גוטע און קלאָרע
און ליכטיקע אויגן.
נאָר דער רוקן
געבויגן, געבויגן, געבויגן.
פון בייגן זיך איבער
די קינדערשע קעפּלאַך
פון לערנען אלף בית
חומש מיט רש״י
און אביסל גמרה —
מיט אַ באָרד מיט אַ ברייטער
ווי זילבער — אַ קלאָרע
מיט גוטע און קלאָרע
און ליכטיקע אויגן.

און ווער איז געווען דאָ
דער בעלפער דער ערשטער?

שא, שריי נישט אַזוי
רעד אביסעלע שטילער.

מען דאַרף עס אין שטילקייט
אין ריינקייט דערמאָנען.

ער איז דאָ געקומען,
אַ יתום, אַ אינגל,
מיט צוריסענע שטיוול,

און אַ רעקל אָן אַלטן.
און שטענדיק די אויגן
אין בושה באַהאַלטן.
די אינגלאַך וואָס ער האָט
אַ פּאַסאַך געלערנט,
זיי זיינען שוין לאַנג
מיט זילבערנע בערד
און מיט ליכטיקע אויגן
צום עולם האמת געגאַנגען.

נאָר דאָס וואָס זיי האָבן
אין ישולכל אין קליינעם
בין מנחה למערב דערציילט
מיט זילבערנע בערד
און מיט ליכטיקע אויגן,
איז שווער שוין אַצינד צו דערציילן,
שווער שוין איצט איבערדערציילן.

# אין מיר

איך האָב ווייניק־וואָס געוואָגלט,
און אין מיר — דער גאַנצער וואָגל.
איך האָב ווינציק־וואָס געגלותט,
און אין מיר דער גאַנצער גלות.
און צו מיר, צו מיינע טירן,
איז דאָס שבתל געקומען
קלאָגן אין זיין לעצטן טרויער,
ווייזן מיר ווי אָפּגעשליסן
סהענגט אויף אים זיין הייליק בגד.
און אין מיינע אָרימע ווינקלען
האָט ער אָפּגעלייגט זיין קלומעק,
און באַזעצט זיך — זיצן שבעה.
און אין שאָטן פון מיין לעבן,
וויל ער שטאַרבן.

און ווען איך בלייב איין־און־עלנט,
ביי מיין טיש אין אָוונט זיצן,
הער איך פּלוצלונג אין אַ ווינקל
אַזאַ מיד פאַרצויגן מורמלען:

מוצאי שבתן פאַרצייטן
אין די פרומע גוטע שטיבער.
דאָס באַלייטן פון די גרילן
די געהייליקטע רו פון שבת.
און די מאַמעס און די באָבעס
וויגן זיך ביים וואַנט אין טונקל:
גאָט פון אברהם און פון יצחק,
טראַכט איך און דערמאָן זיך פּלוצלונג,
ווי די גריל פון מוצאי שבת,
האָט זיך אין מיין שטוב פאַרקליבן
דאָס קליין שבתל אין ווינקל,
און פון דאָרטן טוט ער מורמלען
געדעכענישן פון ניגונים.
דאַכט זיך מיר דערביי,
ווי איך הער אַ טרוקן שאָרכן
פון פאַרדאַרטע בלעטער.

זע איך טאָקע אין מיין דמיון,
ווי קליין־שבתל אין ווינקל,
זיצט דאָרט, דאָר און איינגעבויגן,
מיט אַן אַלטע פּאָר שפּאַקולן
אויף די טונקלענדיקע אויגן.
און פאר זיך — אַ געלן סידור,
מישט ער מיט די דאַרע פינגער
טרוקן בלעטל איבער בלעטל,
און די ליפּן זיינע — מורמלען,
מורמלען, מורמלען.

הויבן אויך זיך מיינע ליפּן
נאָכן ניגון אַן צו וויגן.
און עס נעמט מיר קלאָרער ווערן,
אַז מיט מיר אין מיינע ווינקלען
איז אַצינד נישטאָ דאָ קיינער.
און די טירן — צוגעמאַכטע
און די פענסטער — אויכעט.
און דאָס שבתל דאָס קליינע
דאָס בין איך אַליין — געבליבן,
און אַנטקעגן מיר — אַן אַלמער,
שטייט אַן אַלמער אַלטע ספרים.
און איך טו אַ קוק אַרום זיך,
און דערפיל אַרום די אויגן
רעמלאַך פון שפּאַקולן אַלטע.
קומט מיר פלוצלונג אַ געדאַנק אויף:
אפשר זיך אַריבערכאַפּן
אין רב'ס שולכל דאָ אַנטקעגן
דאַווענען וואָכעדיקן מעריב?
און עס ציטערט אויף די ליפּן
דין אַזוי און וואָכעדיק־ערלאַך:
ו־ל־י־ר־ו־ש־ל־י־ם ע־י־ר־ך.

# פאַר מיר אַליין

דאָס הויז פון אונזער בעט און טיש,
דאָס הויז פון אונזער רו און ברויט.

אין דעם שאָטן פון אָט־די גרויע ווענט
האָט אונזער קינד די זון דערזען
האָט אונזער קינד דעם טויט דערקענט.
איך געדענק קוים וואָס עס איז געשען.
נאָר לאַנגע טעג האָסטו אַרומגעשפּאַנט
אין שטומקייט ביי דעם שאָטן פון דער וואַנט.
און אָפט דעם קאָפּ אין קישן איינגעגנורט
און איבערן שטוב האָט ווי אַ פידל געשפּילט
די זון און איבער סטעליע און ווענט,
ווי קליינע קינדערישע גאָלדענע הענט,
האָבן אַרומגעשפּרונגען הער און הין,
גאָלד און טרויער — ציטערדיק און דין,
האָבן איינס אין צווייטן זיך געוועבט,
אַ דעמאָלט האָב איך דיך פאַר זיך דערזען
אונטער דער האַנט פון גורל — קליין.
און ווי פאַרבלאָנדזשעט, קינדעריש, שיין.
און כוואָלט געוואָלט דיך אָפּפירן צוריק,
און דיך ברענגען אין דיין מאַמעס היים,
און דיר עפענען די טיר, און אַליין
אַוועקלויפן און — איבער מיר די שטראָף,
די גאַנצע שווערקייט נאָר אויף מיר אַליין,
איבער מיר די משא נעכט אָן שלאָף,
איבער מיר די טויבע טעג אָן זון.
דיך האָב איך באַפרייט און דיך צוריק
אָפּגעפירט אין הויז פון היים און גליק.
איך אַליין נאָר קום צו יענעם אָרט
מיט אַן איינציק, איינאונאיינציק קינד.
אין די גראָזן נורעט זיך אַ שטילער ווינט,
און באַהאַלט זיך דאָרט.
און באַהאַלט זיך דאָרט.

## צו...

אז וואויל איז דעם מענטשן,
וואָס האָט ביי זיין פענסטער
א בוים און אַ גאָרטן.
און ער קוקט אויפן וואָלקן
וואָס בייגט זיך ארונטער,
און גיסט אויס דעם ערשטן
דעם ווארימען רעגן פון זומער
איבער זיין בוים און זיין גאָרטן,
און איבערן דאַך פון זיין הויז
איז — וואויל אָט־דעמדאָזיקן מענטשן.

און וואויל איז אַן אנדער מין מענטשן
וואָס האָט עפּעס אנדערש צום וואוילזיין.
פאַראַנען אַזויפיל געגנאָדן און חסד
צו נעמען ביי ערד און ביים הימל,
און איינער ביים צווייטן.

אַזוי האָסטו איינמאָל בייטאָג
אין מיין גאַס זיך געוויזן.
און איך האָב דיר נאָכגעקוקט.
איך האָב דיך נישט געקענט,
און האָב דיר נאָכגעקוקט.
געדאַרפט וואָלט איך אפשר דיר נאָכגיין,
און אַן אַ נאָמען דיך רופן.
און אָפּן דיר פרעגן דיין נאָמען
און פרעגן וואוהין דו גייסט,
און גיין מיט דיר.

איך האָב דיר נאָכגעקוקט לאַנג
אין דער לענג פון דער גאַס ביז — פאַרשוואונדן.
און — מאָרגן ביזטו מיר אנטקעגנגעקומען
און מיר האָבן זיך נאָנט באַגעגנט.
און פון דיין שווייגן און ווערטער,
האָסטו מיר פאַרטרויט מיט די אויגן:
איך האָב געדאַרפט זיין דיין ערשטע,
נאָר כהאָב נישט געוואוסט פון דיין לעבן.
כהאָב נאָכגעקוקט פיל אין די גאַסן

וואָס האָבן געהאַט דיינע הענט,
נאָר — דו ביזט עס אַלץ נישט געוועזן.
איך האָב אַזאַ עלנט געלעגער,
איך האָב אַזאַ ליידיקן טאָג,
און פאַרן שפּיגל — זע איך זיך,
און טראַכט אַז אַזוי זאָלסטו זען מיך.
איך האָב געדאַרפט דורך מיין ליידן
זיך גרייטן פאַר דיר אַ רייפערער,
אַז פאַרטיק זאָל ווערן מיין גוף
און מיין גייסט פאַר דיין הערלאַכקייט.
אַזוי האָבן אין שווייגן, אין ווערטער,
געקוקט און געקושט מיר דיינע אויגן.

און איך האָב ביז דיר נישט געוואוסט
די שיינקייט פון וואָרט וואָס הייסט: אייביק.
איך האָב אויף דיין לייב זיך פאַרקריצט,
ווי אַ ליד וואָס דער טויט וועט ניט טויטן.
און וואָס איז דען אייביק אַזוי
ווי דיין לייב און דאָס בלוט פון דיין ליבשאַפט,
וואָס בליט אויף ביינאַכט אויף דיין מויל,
און די עפנסט דיין וואַרימען אָטעם,
און מאַכסט צו פאַר גוטסקייט די אויגן.
און — נאָכדעם אַז איך בין אין חלום,
זע איך דיך ווידער — אין פרעמד נאָך.
איך זע און איך קוק דיר נאָך
אַן ערשטן מאָל דורכגיין מיין גאַס,
און ווייס שוין אַז דו ביזט נישט קיין פרעמדע.
און אַז דו פאַרשווינדסט אין דער ווייט,
וואַרט איך אויף דיר און אויף מאָרגן.
און אויף דער זון אין דער גאַס,
און — דו ביזט געקומען.

און וואויל איז מיר איצטער אַזוי
וואָס דו האָסט געבראַכט אַזאַ ערשטקייט
און לעצטקייט פון שיינקייט און ליידן.
וואָס דו האָסט געמאַכט מיר היימיש
אין אומהיימלאַכן לעבן אַרום זיך.
וואָס איך קאָן בסוד אָנווייזן

פאַר זיך באַטש אַליין פונדערווייטנס
אַט דאָרטן איז מיין און מיין אייגן.
כוועל גיין ביי די הענט מיט מיינע קינדער,
און אַריינגיין מיט זיי אין דיין גאַס.
און וועל זיי מיט פריילאַכקייט און טרויער
דערציילן פון דיר אַ מעשה,
ווי פון עפּעס אַ ווייטער און שיינער,
וואָס האָט אין דערדאָזיקער גאַס
זיך באוויזן און — גוט איז געוואָרן.
געווען אַזאַ טאָג אַזאַ ליבער.
ער האָט זיך געשטעלט אַ גאָלדענער
אין זיין פרייד אויף די ווייסע באַלקאָנען,
אין זיין ליכט אויף די הויכע דעכער,
ווי הערלאַך סוועלן פאַלן מיינע ווערטער
אריבער זייערע קינדעריש׳ע פּנימער.
פון דיר קאָן איך אַזויפיל זאָגן.
פון דיר קאָן איך רעדן מיט קינדער
און מיט לידער און — פילן די גוטסקייט
פון דער וועלט ווי זי קוקט מיר אין פּנים
און מורמלט מיר צו: עס איז אמת.

# כלה

דאָס זיינען דאָך נאָר סימנים —
אונזערע פירונגען פאַר דיר.

איך וועל שוין מיט הדרת־יומטוב
נישט אַרויסקומען אַנטקעגן דיר,
ווי אַמאָל אין אונזער מקום
אין זיין חופה־טאָג דער חתן,
אין זיין שיינער חתונה־פרייד.

און די גאַס האָט אויפגעלויכטן
אונזער קליינע, וואוילע גאַס,
מיט די עטלאַכע לאַמטערנס
ביי אַ הויפל דאָ און דאָרט.
פרי זיינען אַרויס די שטערן
אויפן הימל ווינקענדיק
פריילאַכע פון זייער הויך.

כלה שיינע, זיידענע כלה,
אין דיין לאַנגן ווייסן קלייד.
דיר אַנטקעגן, דיר אַנטקעגן
זיינען עס די העלע שטערן
אויפגעגאַנגען אין זייער פרייד.
כלה שיינע, זיידענע כלה,
ס'שטייט די נאַכט דיר אַנגעברייט.

דיינע איז די נאַכט — געקומען,
ניי און בלוי און שטערנדיק.
שטאָט וועט אַלע שטיבער ליגן
שלאָפן פרי: אַ גוטע נאַכט,
שטיל, אַ פור אַפילו פאָרט נישט
דורך איבער דער ווייטער בריק.
כלה שיינע, זיידענע כלה,
כלה־ליב, צוליב דיין גליק.

# לעולם ועד...

נאָר אַ אינגעלע אַ שטילער
קוקט אַרוים אויף דיר ביים פענסטער.
דו ביזט שוין אוועקגעגאַנגען
ווייט אַראָפּ פון אָט־די וועגן.

ווען מיר האָבן דיין גוף געטראָגן
צום המון פון ליימערנע טויטן,
האָבן מיר דיר נאָכגעטראָגן
שבחים־קראַנצן פאַר דיין קריגסקאַמף דאָ
מיט אַ קאָטשערע אָן אַלטער,
און מיט אַ פאַרזשאַווערטן רידל,
ווי איטלאַכער פון אונז דאָ, חברה,
חברה אַלטע דאָן־קיכאָטן,
אויפן שליאַך און אויפן מאַרקפּלאַץ.

ווען איך בין צוריקגעקומען
פון דיין שלעפּעריקער לויה,
האָט מיר לאַנג געצוקט דער אַקסל
פון דעם סוקעוואַטן דראָנג
אויף דיין וואַזשנער מטה.
און כהאָב אַזוי אַ קוק־געגעבן
אויף די אַלטע שפּיציקע דעכלאַך
פון אונזער געהויבן מאַרקפּלאַץ,
אויף די איינגעוויקלטע פּלייצעס
מיט די טיזליקעס פון וואַטע
פון אונזערע ווייבער־סוחרים,
און דעם ברייטן פּאַליציימענטש,
וואָס האָט זיך אַרומגעדרייט דאָרט
לעבן טיר פון פּיפּקעס שענקל,
און איך האָב אַ טראַכט־געגעבן,
אַז פונדאַנען־אָ, פונדאַנען,
ביזטו אַזוי איינגעבראָכן
ווי אַ געשלאָגענער הונט אַנטשלאָפן,
אַז אָט־דאָ ביזטו ערשט נעכטן
מיט דיין אויסגעקרימטער קאָטשערע
איינגעשפּאַרט אין קאַמף געשטאַנען,

און געהויבן שטאָלצע אַקסלען,
און געסטראַשעט מיט איך־ווייס־וואָס,
אויב דו וועסט היינט מוזן אַוועקגיין
אָן אַ ביינעלע פאַר דיין אינגל.
אַז כדערמאָן זיך — לאַך איך, לאַך איך
אַ געלאַך לאַך־לאַך־לאַכלאַקעס
און איך ווער נאָך אויף דיר שטאָלצער:

דו, אַ יונג פון אונזערע יונגען!
דו, אַ זעל פון אונזער זעלנער!
דו, אַ שטאָלץ פון אונזערע שטאָלצן!

די־וואָך וועל איך נאָך אריינגיין
צו אונזער מצבה־שלעגער,
און אַ שטיין פאַר דיר באַשטעלן
מיט אַ לייב און מיט אַן אָדלער —
אָנקינדיקן צו די דורות
דיין גערעכעניש אויף אייביק
און אויף אייביק־אייביקייטן.

# מאָנטרעאל

צו טש.

אויף וועמעס גוטער האַנט,
אויף וועמעס קינדערשן רחמנות,
וועל איך דיך איבערענטפערן?
דער הארבער שווארצער טאָג
ציט מיך צוריק פון וועג,
און כוועל נישט נאָכגיין מער
דיין טריט אין עלנט היטן.

פארכאפּן וועט מיך גיך
דער טויט אויף זיינע קייטן.
דיך לאָז איך דאָ,
נאָך אין אזא מין פרעמד —
א גאַס מיט אומהיימלאכע אויגן.
צו וועמען קאָנסטו דען
דאָ צוקומען אין נאָנט,
אז איך האָב נישט געמאכט
מיט אָט־דעם גאסן־געזינד,
מיט אָט דעם הויז פון ווינט
קיין בונד פון שלום?
האָב תמיד זיך געריכט
אוועקצוגיין פונדאנען
ווי א פרעמדער בעטלער.
ווי אזוי איך בין אהער,
אמאָל ארייננעקומען
און באזעצט זיך דאָ,
געדענק איך שוין ניט.

נאָר שטענדיק האָב איך זיך
געריסן פון דעם פּלעק.
פארזעען אלץ, געקוקט
אריבער דאך און שטוב
פון אָט־דעם ווינט־געזינד,

איך גיי אַרום אין שטוב,
אַזוי־אַ הין און הער —
אַ היטער ביי דער טיר,
פון חדר וואו דו שלאָפסט.
און שטעל זיך אָפּ און קוק
איבער דיין שמאָלן גוף,
איבער די ווייכע האָר
צעוואָרפן איבער דיין קאָפּ.

און כוויס אַז דאָס בין איך,
וואָס האָט מיט זיכערקייט
פאַרשפרייט איבער דיר רו.
און ווי מיין האַנט איז קליין,
איז זי אַ שטאַרקע האַנט
פאַר דיר אַנטקעגן דער וויסט.

און ווי מיין אומרו ווײנט
אונטער מיין בלוט און ביין,
האָב איך דאָס שטילסטע ליכט,
האָב איך די ריינסטע פרייד
פאַר דיר אויף מיין געזיכט.
און דו ווייסט נישט דעם וועג
די פינסטערניש, די וויסט,
פונוואַנען כברענג מיין ברויט
פאַר דיר און מיר צום טיש.

און ביידע זיצן מיר קליין
ביי אונזער אָוונטברויט,
און דו ביזט פונקט ווי איך
כאָטש דאָ ביזט נאָר מיין קינד,
ליגט איבער דיר אַ האַנט
פון טונקעלן ישיקזאַל.

און בייג מיין מויל אַראָפּ
מיט רחמנות צו דיין האַנט,
און סטריפּן ביטער און זיס
די טראָפּנס פון מיין צער.

ווייל כהאָב דיך אַזוי ליב,
מיין קינד, מיין ליכטיק קינד.

און מיך פאַרטראָגט די וויסט,
און מיך פאַריאָגט דער ווינט
און כלאָז דיך אין אַ גאַס
וואו סהאָט מיך קיינמאָל נישט
באַגעגנט קיין היימלאָך אויג.
אַן אַלטער לאָמפּנסלופּ,
אַ שווינדזיכטיקער בוים
אין אַ טאָליקער הינטערגאַס —
האָבן שטום צו מיר געקוקט
ווי אַלט־באַקאַנטע לייט
פון ערגעץ־וואו אַ היים,
ערגעץ אַן אַלטע היים.

# שאָפּ

אונזער טייער ברויט און פּוטער
אונזער אָרימער געלעגער
גרויע מידקייט איבערן רוקן,
גייען מיר איבערן קילן אָוונט
טריט ביי טריט פון אונזער קנעכטשאַפט.

אונטער הויכע גרויסע מויערן
ליכט און שיין פון אַלע זייטן
אינדערהויך אַ טויטער הימל,
אונטערן פוס אַ טויטע ערד.
אַ היים פון קנעכטשאַפט.

אונזער טייער הויז אין שאָטן.
אין אַלטע שטוב הינטער די גאַסן.
אַלט־ניו־יאָרק ליגט שטיל, אַלטמאָדיש.
האָבן מיר פּאַראַיאָרן אויגוסט
זיך אַ דירה׳לע געפונען
ווייניק דירה־געלט און שטילקייט.
אין אַ הויפל אַ הילצערן הייזל.
און אַ בוימל שטייט דאָ אויכעט
זומער וועלקט עס,
אָקטאָבער וועלקט עס
קורץ אין מאַי טוט עס אַ גרין־גרין
און באַלד נעמען די בלעטלאַך געלן,
אַ מאָדנע בוימל.

אונזער טייערער טאָג אָן לעבן,
כמיין עס זיך און מיין עלטערן ברודער,
דעם וואָס איז שוין צוויי זומערן לאַנגע
אָפּגעוועזן אויף די בערג זיך היילן
און צוריקגעקומען ליכטיק.
שטיל און העל און טרויריק־ליכטיק.
דינען מיר דאָ ביידע אינאיינעם
אין אַ שטאָל פון צען מאַשינען,
באַלעגאָלעס פון מאַשינען.
איך האָב איינעם,
ער האָט איינעם.

מיינער איז אַ גלאַנציק ישוואַרצער,
זיינער — עטוואָס אָפּגעקראָכן.
טוען מיר אַ צי די לייצעס
אונטן אויף די קאַלטע טרעטערס,
טוען זיי אַ יאָג ווי שדים,
גאַלאָפּירן אַנטקעגן פענסטער.

לאָך איך צו מיין עלטערן ברודער:
וואוהין טרייבן מיר די אייזערנע סוסים?

טוט ער אַזאַ פּיפּיקן קוקל
צו מיין אַקסל, ווי אַן אמתער פורמאַן:
אָט, מיר פּאָרן צו דער צוקונפט.
איידע שמיידע, צו דער צוקונפט.
הענדום־פּענדום צו דער צוקונפט
אָקוס־פּאָקוס צו דער צוקונפט.
און הינטער אונזער רוקן יאָגן
זיך ווי רוחות, נאָך אַכט חברה,
רייטנדיק אויף דאָרע בענקלאַך
מיט די לייצעס איבער די מאַשינען
היידע, שמיידע, צו דער צוקונפט!
צו דער צוקונפט!

# מיין משיח

פאַראַן אַ פּאָר דאָ
גראָד יונגסטע און שטילע,
וואָס שרייבן מיט פרומקייט
נאָך ספרימלאָך אַלטע.
מוסר, שטראָפרייד אויף רשעות
און אַ רופן צוריק
אין גאָטס עלנטע שטיבער.

גאָטס עלנטע מענטשן.
איך בין פון זיי איינער
איינער, פון עפּעס אַ מחנה
צעוואָרפענע שלעפּערס,
וואָס דער דור וויל ניט קענען,
ניו־יאָרק וויל ניט האָבן
אין גאַס זייער שאָטן.

און כהאָב אַלע ספרים
מיט קלאָרקייט און קלוגשאַפט
פאַרהאַקט אונטער טירן.
כבין ווידער געוואָרן
אַ מענטש אָן עם הארץ,
אָן חכמה, אָן ווערטער,
אָן קלאָרקייט אויף עפּעס,
און גאָרנישט איז מיר דאָ
באַשיידט נאָך געוואָרן.

איך לעב הינטערן שאָטן
פון עלנטע טירן.
איך וואַרט נישט אויף מאָרגן
משיח זאָל קומען.
מיין פריינט, מיין משיח,
וועט טראָגן אַ מאַנטל
אַ לאַנגן, אַ שוואַרצן.
אין פּנים צוויי גריבער
פון געשטאָרבענע אויגן.
און מיט זיינע שטעקלאָך

די ביינעריקע פינגער,
וועט ער ביים טיש מיינעם
שטיין און זיך קלעפּלען:
מיין אַלטער, מיין יונגער,
מיין סופרל ר' יעקב,
איך וויים נישט ווי אזוי
סהאָט די טיר פון דיין ישטוב
זיך פאַררוקט פון מיין חשבון,
און כהאָב איר פאַרמיטן.
איך בין ווייט שוין געווען
און זיך פּלוצלונג דערמאַנט,
און זיך אומגעקערט ווידער.

און איך, וואָס איך בין שוין דאָ
יאָרן אַ — פרעמדער,
מיט אַן איבעריק לשון.
און גאָר מיינע נאָנטע
רוען שוין לאַנג דאָרט
פוניענערזייט וועגן —
איך האָב צום פרימאָרגנס
בלוי פרידלאַכע הימלען
מיין בליק אויפגעהויבן
מיט טרויער און בענטשונג
מיט פרייד און מיט ברכה.
בין אַרונטערגעגאַנגען
מיטן זאַמדיקן וועג
צו דעם טאָל פון די אבות
מיין שאָטן זאָל רוען
ביי זייערע שאָטנס.

# שווערע שעה

שווערע יאָרן וועלן אָפּגיין.
אונזער דור וועט זיין אַן אַלטער.
יעדן טאָג וועט פון אונז איינער
אין דער אייביקייט אוועקגיין,
אַן אַ וואָרט אויף זיינע ליפּן.

גאָר אַן נאָנטקייט צו קיינעם
וועלן מיר אין גרויען גלייכגילט
ווי אַ זאַמד אַ טרוקענער ליגן
קינדער פון אונזערע אינגווייידן
טוען אונז נישט מער דערקענען.

ווי איז דאָס אַזוי געוואָרן?
ווי האָט עס אַזוינס געטראָפן?
האָבן מיר דאָך ערשט ניט לאַנג
שיינקייטן דאָ אָנגעקינדיקט,
אייביקן געגנאָד אויף דורות.

און אין מארק, ביי אונזערע שטעלן
זענען מיר די טעג געזעסן
מיט אַ שיסעלע מיט גראָשנס,
און געדאַנקען — איבערקומען
דאָ דעם מאָנאָטאָנעם וואָך־מאַרק.

איז אונז ניט באַשערט געווען
ווי ביז אונז — זיך איבערגעבן
אַלטן ליכט אין נייעם לעבן.
אָפּגעהאַקטער טויבער עלנט
וויסטעוועט ביי אונזערע שוועלן.

שווערע יאָרן וועלן אָפּגיין
אונזער דור וועט זיין אַן אַלטער
יעדן טאָג וועט פון אונז איינער
אין דער אייביקייט אוועקגיין,
אָן אַ וואָרט אויף זיינע ליפּן.

# וויין

דורכגעזאַפּט די ערד מיט וויינען.

בוימער טרינקען מיט די וואָרצלען
ווי די שאָף מיט זייערע מיילער
פון דעם זאַמדיקן געלן טעלער
ס'וואַסער פונם גרינעם טייך.

און די זון — איר מילדער פייער
גלייזט אַ דינעם קופּער־שאָלאָכטס,
און טוט אָן דעם רונדן עפּל
און די שלאַנקע באַר — אַ מלבוש.

און ווען דער תמוז
קומט צופאָרן אויף זיין וואָגן,
שטייען אַלע בוימער אַנטקעגן
אויף די קעפּ מיט קוישן עפּל
און מיט פולע קוישן באַרן,
גרייט צו אָנפילן זיין וואָגן.

ברייט און טיף און גרויס זיין וואָגן.

אָבער זיינע פערד די בראָנזענע
זיינען שטאַרק און ווילן אים טראָגן
באַרג אַראָפּ — די טאָלן־שפּייכלערס
שטייען דאָרט אין קילן שאָטן,
די ברייטע טויערן צונומען,
און זיי וואַרטן אויף זיין קומען.

# יזכור

אריבער דיין שמאָלן געלעגער
שטיי איך און דער ליכטיקער הימל.
סגרינט ווידער דער מאַי אויף די גראָזן
אַזוי ווי פאַראַיאָרן און תמיד.
דו שלאָפסט דיינע רואיקע זומערן,
און די טעג האָבן גאָלדענע פליגל,
און גייען דאָ גרינגע אַרום,
ביים ברעג פונם אייביקן דרימלען.

און אין מיר, און אויף מיינע ליפּן, —
אָ, ווען דו וואָלסט געקאָנט כאָטש אַ רגע
דיין קאָפּ פון דיין געלעגער אויפהויבן.
כאָטש אַ האַנט פון אונטער דיין קאָלדרע,
און אַראָפּנעמען פון מיינע ליפּן
די ווערטער, די בלעטלאַך, די דערנער,
אין רויט און אין ווייַן און אין ווייטיק.
די קושן וואָס ווערן נישט קיין לידער,
און האָבן נישט וואו זיך אַהינטון.

ווען דו וואָלסט געקאָנט כאָטש אַ רגע
עפענען דיין שלאָף און אַרויסגיין,
און זען ווי ס'איז ווידער היינט זומער.
און ביים פלויט דאָס קליינע בוימל
איז גרעסער און העכער געוואָרן.
און זיידענער גרין — זיינע בלעטער
און — אָט דער ליכטיקער הימל,
וויפיל הערלאַכע פריידיקע צוזאָגן
ער וואַרפט פון זיין בלוי אין דער ווייטקייט
אויף זיינע צועפּנטע וועגן.

# אונזער מאַרק

א.

אַ, פאַראַנען הויכע מאַרקן,
רייכע מאַרקן, גרויסע מאַרקן.
אונזער מאַרק איז ווי אַ בעטלער,
אונזער מאַרק האָט אַלטע שטעלן,
אויף די שטעלן קרומע דעכער,
און דריי הילצערנע לאַמטערנס,
ווי די וואַקלענדיקע שומרים,
מיט פאַררויכערט מידע אויגן
היטן זיי אים אַ גאַנצע נאַכט,
היטן זיי אים אַ גאַנצע נאַכט.

אונזער מאַרק פאַרקויפט נאָר דלות,
זעקלאַך זאַלץ שטייען אויף די שוועלן
פון די שמאָלע קלייטן־טירן.
פעסלאַך הערינג, רימען־בייטשען,
ברויטן נעכטיק, אַלטגעבאַקן.
אָבער אויף די שטעלן, דאָרטן,
ליגן שיינע קאָרן־לעקערלאַך,
פאַר די אינגלאַך פונם חדר.
לויפן אָן בייטאָג פון חדר,
ווי די פייגל צו די שטעלן:
מיר אַ לעקאַכל פאַר אַ גראָשן,
און — מיר אַ לעקאַכל פאַר אַ גראָשן,
מיר אויך אַ לעקאַכל פאַר אַ גראָשן.

אַ, פאַראַנען גרויסע מאַרקן,
אונזער מאַרק איז נישט קיין גרויסער,
און ער גלאַנצט נישט, ניט ער פינקלט.
אָט, אַ פּראָסטער מאַרק איז אונזערער.
אַז עס קומען אָן ציגיינער,
מיט די פעקלאַך און די גלעקלאַך
מיט די מאַלפּעלאַך וואָס טאַנצן,
און זיי גיבן אויס מזלות —
טוט זיך אונזער מאַרק אַ קערווע
און אַ קוק נאָר אויף איין אויג,
און אַ הער נאָך אויף איין אויער,
און — די ווייבער אויף די שטעלן

צירעווען די גראָבע זאַכן,
און אַ באַבעלע אַ קליינע,
מיט שפּאַקולן געלע, גרויסע
קוקט אַריין זיך אין דער תּחינה:
יהי רצון מלפניך,
עס זאָל זיין פאַר דיר דער ווילן, גאָט.
און — איבער די קרומע דעכער
פון די שטעלן — גרינג און בלוי
ענגט דער טאָג אַראָפּ פון הימל,
טוט אַ פלי אַ יונגער פייגל
טוט אַ זינג אַ וואָרט אַרונטער
אויפן מאַרק אויף אונזערן.

אונזער מאַרק איז אָרעם, אָרעם,
אָבער ערלאַך איז ער אויך,
און אַ פרומער איז ער אויך,
טוט אַ קוק נאָר ערב שבת,
טוט ער זיך אַ אייל אַרונטער.
טוט אַ ריס זיך פון די שטעלן,
טוט אַ הויב זיך פון די קלייטן,
אַ פאַרהאַק די לאָדן, טירן,
און אַ רגע — רוט אַ שטילקייט
שוין איינגאַנצן מאַרק, דאָס מיסט נאָר
ליגט אין גאָלדן־רויטן אָפּשיין
פון דעם זונפאַרגאַנג, ביי שטעלן.
און דריי פייגעלעך, גרויע, קליינע
פּיקן אויף דער ערד די גרויפּן
און די ברעקלאַך גרויען ברויט.

ב.

וואָס האָבן מיר דען פאַרקויפט
אויף אונזער אָרימען מאַרק?

ניט קיין פּערל, ניט קיין ציר,
לעבלאַך וואָכעדיק ברויט,
פלעשלאַך גויאישן קוואַס
און פעקלאַך טאַבאַק
פאַר אָרימע גוייִמלאַך —
פאַררויכערן די זאָרג.

ווער פלעגט קומען דען צו קויפן
אויף אונזער אָרימען מאַרק?

ניט קיין פּריצים, ניט קיין שררות,
אידן קליינע, געבויגענע.
האָרב אויף האָרב די זאָרג,
וואַלקן אויף וואָלקן די נויט.
קוים די פּנימער זעען זיך,
קוים די אויגן קוקן אַרויס
פון דער אומעטיקייט.

# דוד

פאַר אונזער מלך דוד —

אויפגעקליבענע פון די וועגן
וואוילע יונגען־וואַגאַבונדן.
הינטער ווייננגערטנער און דערפער
האָט ער אויף זיין כנור געזונגען
ליבגעזאַנגען צו די אויסגעשפּרייטע הימלען.
טרויער איבער די קלאָרע סטרונעס
שטילע וואָגלענדיקע לידער
און הכנעהדיקע וויכוחים,
טענות־לידער צו גאָט.
צו יהוה.

און די כמורע מרה שחורה
פון צאָרנדיקן האַר,
דעם שיינעם פינסטערן שאול —
שטיל־געוויין פון פרום געבעט.

וואו איך זאָל נישט יאָגן, גאָט,
יאָגט נאָך מיר זיין בייזער שפּיז.
פלינק בין איך אויף מיינע פיס
פון זיין צאָרן צו אַנטרינען,
נאָר זיין יאוש גרייכט מיך דאָך.

בקוק זיך אום אַהינטער
וויל אים זען און — זע אים.

איך כאַפּ זיך אויף פון פרעמדן נאַכטלעגער
און כזע אים — אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ.
דעם קראַנקן לייב מיט דער שוואַרצע גריווע.

דעם שטאָלצן אַקסל איינגעבויגן,
איינגעבראָכן.

כווענד זיך שטיל צו אים:

„נביא,
„מלך,
„שאול.“

הויבט ער אויף זיין קאָפּ,

און לייגט זיין רעכטע האנט
אויף מיינע אקסלען:

„דוד,
זון מיינער,
קום און קלייב צוזאמען די חילות.
די פלישתים לאגערן
ארום אפרימס נחלות.“

און — שווער בויגט זיך זיין קאפ
אריבער זיינע ברייטע אקסלען.

פינסטער קוואלן זיינע שווערע לאקן
איבער זיין וואלקנדיקן שטערן.

כהויב זיך אויף פון ארט
און זאג צו מיינע יונגען:

חברהלייט מיט פלייצעס,
היינט וועלן מיר א מאלצייט פראווען.

היינט וועלן מיר א ווידער שעכטן
פארן כבוד פון אונזער קעניג,
פארן געזונט פון אונזער גרויסן שאול.

היינט וועל איך מיין כנור שפילן,
תפילות רודערן אין מיינע אדערן.

געזאנגען רייסן אין מיינע בלוטן,

כוועל אים איפוועקן דורך די ווייטע מיילן.

כוועל אויפהויבן דעם שטאלצגעבויגענעם קאפ פון שאול.

כוועל אנצינדן די זון פון נצחון
פון אונטער זיינע געדיכטע ברעמען.

כוועל פראווען דער יובל פון זיין מלוכה
מיט לידער צו די גרויסע הימלען.

דורך די ווייטע פעלדער און וועגן,
דורך די בערג און דורך די טאלן,
דורך די פעלזן און די גריבער,
וועלן גיין מיינע געזאנגען

און אים וועקן פון זיין דרימל
און וועלן פאַר אים זיך ברייטן —
ווייכע שנייאיק־קלאָרע פליגל:

מלך, גרויסער שיינער מלך,
גוטער ערלאַכער קאָפּ פון יהודה.
כשפרייט אויס גרינגע פרייד און צוויט
פאַר דיינע שטאָלצע טריט.

קום אַרויס פון דיין פאַרצווייפלונג.

גורט דיין שווערד אויף דיינע אַקסלען,

זע ווי גרויס די מחנות וואַקסן

זע ווי שטאָלץ די מחנות קומען
שטעלן זיך אונטער דיין אָרעם,

גרייט אויף פייער,
גרייט אויף אָנגריף,
גרייט אויף שטורם.

# די וועלט

אומעטום, אין אָוונט,
קומען מענטשן פון דער ארבעט.
וועלט איז אזא פעלד א גרויס,
אלע גראָבן, אלע אקערן,
אלע זייען ברויטיקן קאָרן,
און אין אָוונט רוט מען
ביי די היימישע טישן,
אין די וואנטיקע שאָטנס,
איטלאכער מיט זיך.

וואָס־זשע, ברידער, זאָגט מיר,
וועלן מיר פון דער ערד מאכן?

יעדע שעה אין אקער,
יעדע שעה אין פראצע,
אונזערע קעפּ אין זילבער
אונזערע כחות בלייכן,
נאָר די ערד, די ערד,
אן אייביק יונגע בחורטע
זאנגען ווערן נישט גרוי,
פעלדער זילבערן זיך ניט
זיי שמעקן מיט הייסער זון
און שפּילן מיט רויטן גאָלד.
און דער תמוז שפּרייט איבערן טאָג
רויטן האָניק ווי בלוט.
און שיכורע ריחות דער ווינט
צעטראָגט פונם רייכן גוט.

וואָס־זשע ברידער, זאָגט איר?

מיר וועלן פון דער ערד מאכן,
א גן עדן מיט זיסע זאכן.
אָ ברידער, קינדערישע ברידער,
אונזער אָוונט איז אזא מידער.
און אונזערע דארע הענט
ווי צווייגן ברוין און פארברענט
פאלן טויטע ארונטער.
און די וועלט אזא געזונטע

און די וועלט נאָך אזא רויע,
אזויווי א קאווקאזער גויע.
און דער גן עדן — אין די ביכלאַך,
גייט נאָך אין קינדערשע שיכלאַך.
און וואַקסט אזוי פּאַוואָליע
ער זאָל נאָר־ניט א קאַרליק בלייבן
און דאַרפן אזוי פּאַרזיצן
ביים פענסטער און קלאַפּן אין די שויבן
מיט זיינע קינדערשע פינגער
אידיאטיישע קליפּקלאַפּ־קלאַנגען
צו די מאַרשירענדיקע סאָלדאַטן אין דרויסן
איבערן טאָג דעם הייסן
מיט היטלען פון שוואַרצע שמויסן,
און מיט קלינגענדיקע שפּאָרן...

## דער טויט און די קינדער

דער טויט וועט קומען צו די קינדער
וואָס שלאָפן אין זיין גרינעם גאָרטן.
איטלאַך קינד ביי זיך אין בעטל,
מיט ווייסע צוגעקושטע ברעמען.
דער טויט וועט קומען און צונעמען
די ווייסע שטיינעריקע טירלאַך
און שטיל וועלן זיך די קינדער וועקן.
און שטיל וועלן די קינדער אויפשטיין
אנטקעגן זייער ווייסן פאָטער
אויסשטרעקן די ווייסע הענטלאַך.

און איטלאַך קינד ביים הענטל נעמען
ארויפפירן די צוויי־דריי טרעפּלאַך,
און אלע וועלן שטיין ארום אים,
וועט ער זיי אויף די קעפּלאַך גלעטן
וועט ער צו זיי מיט ליבשאפט רעדן:
מיינע קליינע ווייסע קינדער,
ווי שיין און פריש און וויים און ליכטיק
עס שיינען אייערע ווייסע פּנימלאַך
און אייערע אויגן — אויסגעשלאָפן.
געשמאַק, געשמאַק זיך אויסגעשלאָפן.

איך וועל מיט אייך אצינד אראָפּגיין
צום טייך פון יענער זייט פון טויער
און וועל אייך אלע, אלע באָדן,
דער זומער איז שוין דאָ געקומען,
און האָט די טייכן אָנגעוואַרימט,
און די זאַמדן ביי די ברעגן
מיט זון געגילדט, מיט זון געטרוקנט.
דער זומער איז שוין דאָ געקומען
און אָנגעטאָן מיט גראָז די פעלדער,
און גרין די וועלדער ארומגענומען.

און עפענען וועט ער דאָס טירל
פון גרויסן גרויען פּלויט פון שטיינער,
פוניענערזייט פון פּלויט, וועט ליכטיק
דער אינדערפרי אנטקעגנשיינען.
מען זעט ניט קיינעם, נאָר דעם הימל,

דעם הימל און די זון די נייע.
מען הערט נײשט קיינעם, נאָר אַ ווינטל
קומט קרויזנדיק פון טייך אַנטקעגן,
וואָס מורמלט עפּעס מיט די ליפּן
צום גאָלדענעם זאַמד ביי זיינע ברעגן.

ס'איז פרי, ס'איז פרי און פריש און ליכטיק
און וועלט האָט אויפגעהויבן די ברעמען
די וועלט האָט בלויע גוטע אויגן.
אַ קינדערלאַך, כוועל אייך אויסבאָדן,
איך וועל אייך קלאָר און ריין אויסבאָדן.
און ביי די גאָלדענע זאַמדיקע ברעגן
וועל איך אייך אויסזעצן באַזונדער
און גאָט וועט טון אַ גרויסן וואונדער,
און קומען וועלן אייערע מאַמעס,
און אויף אַלעמאָל אַהיים אייך נעמען.

# פאַר אים

פאַרמייד פון מיר דעם לייכטן שמייכל
אויף די וואָס זייער פּראָסטע תמימות
איז גאַנץ געבליבן ביי קינדערשע ווערטער.
נאָר לאָז מיך זיין באַהערשט פון ווילן
מיין ליבשאַפט און מיין כבוד טראָגן
צום אָרימאַן וואָס לעבט ווי דער דרויסן
און זיין נשמה איז שטאַרק ווי דער דרויסן,
און אין בית מדרש נעכטיקט ער איבער,
און קאָן נאָר גרויע ישוועלן פון שטיבער,
און רייכע סעודהס מיידט ער אויס.
גאָטס הויז איז אים אַ פאָטערס הויז
און מעג ער מישן ווייניק די ספרים,
און אונטער דעם ערשטן תהילים־קאַפּיטל
אונטער זיין פאַרקנייטשטער באָרד פאַרדרימלען,
און אויפן האַלז אַרונטער דאָס היטל,
די האַרטע הענט אונטער זיך פאַרבויגן, —
גאָט קוקט מיט נוטע ליכטיקע אויגן
פון פענסטער איבער אים אַריבער,
און וואַרימט אים מיט זון דעם דרימל:
אָ, זאָלן לומדים לערנען תורה,
און זאָלן סוחרים האַנדלען סחורה,
און אין נייע אַטלעסענע קאַפּאָטעס
זיך שטאָלצן שבתדיק אין גדלות,
פאַר דיר וועל איך אַ זון אַ שיינע
אַרויסשיקן איבער די וועגן
זאָל אויסטריקענען אַלע בלאָטעס
און אויך אַ ריינעם קלאָרן רעגן —
זאָל אָפּשווענקען די ברודיקע שליאַכן.
און ווען דו וועסט פונדאַנען אַרויסגיין
וועט דיר דער טאָג אַנטקעגנלאַכן
מיט סטעשקעס גאָלדן זאַמד מיט העלן
און אין ערשטן מקום וואו דו וועסט קומען
וועלן אַלע גרויע אַלטע שוועלן
מיט זון אַנטקעגן דיר זיך שפּרייטן
ווי אינדערפריאיקע פעלדער־ברעגן
מיט בלייכע זילבערדיקע קוויטן.

## הערבסט

דער שומר פון פּאַרק
האָט פון זיין גרינעם שטיבל
אַרויסגעלאָזט די קליינע פייערלאַך.
אונטער בוימער שטייען זיי,
און עסן זייער בלעטער־מאָלצייט.
מיט הייסע ליפּן קושן זיי,
לעקן זיי די געשמאַקע בלעטער.
מיט גאָלדענע ציינדלאַך
צוקנאַקן זיי אַ צווייגל.
און אַז זיי עסן זיך אָן,
און אַז זיי ווערן זאַט,
פאַלן זיי מיד אַוועק
אויפן ווייכן געלעגער פון אַש.
און דין און ווייך ציען פון זיי
בלויע רויכלאַך שלאָף.
בלויע רויכלאַך פון שלאָף.

# נאָכן שטילן ליכט

און פֿאַראַן אַזאַ מין שטילע בענקשאַפֿט
נאָכן טראָפּן אויפֿן זאַמד פֿאַרלאָרן.
נאָכן, גרעזל אונטערן שטיין פֿאַרטרוקנט.
נאָכן חלום הינטערן וואַנט פֿאַרלאָשן.
גוט אַזוי איז דעם, וואָס נישט אין מאַרק,
און נישט אין קרוין־גאַס איז זיין נאָמען
ווי אַ וואָכעדיקער גלאָק צוקלונגען.
גוט אַזוי איז דעם וואָס האָט נאָך
פֿאַר זיין גאָב קיין בלעכל ניט באַקומען
ניט ווי די גלאַטע, אויסגעגלעטע לייט —
האָבן שוין דעם גאַנצן שׂכר געקראָגן,
זיך אויסגעבויט אַ פּאַלאַץ אויף אַ בערגל
און געבראַכט אַ שפּחה פֿון מצרים,
און אַ קעבסווייב פֿון ארם־נהרים.
גרויסע לאָמפּן ברענען אין די הויפֿן
מאַרמאָר־לייבן רוען ביי די טויערן
זילבעריק־דין אינמיטן העלן טאָג,
צווישן בלוי און פֿרישן וואָלקן אינדערהויך
טוט אַ שפּריץ מיט זון און יונגן רעגן
איבערן ליכטיק־גרינעם גאָרטן
אויף די איידעלע אַלייען־בוימלאַך
דאָס איז שיין, און דאָס איז זומער.
און דאָס קריכפּלאַנץ אויף די ווענט פֿון פּאַלאַץ
גלאַנצט מיט צאַפּלדיקער גרינקייט.
דאָס איז פֿרייד, און דאָס איז זומער.
נאָר — אויך פֿון אָט־דער פֿולער שיינקייט
ווי געבעט, גייט אויף אַ שטילע בענקשאַפֿט
נאָכן טראָפּן אויפֿן זאַמד פֿאַרלאָרן,
נאָכן גרעזל אונטערן שטיין פֿאַרטריקנט,
נאָכן חלום הינטערן וואַנט פֿאַרלאָרן.

# אונזערס

אין די פעלדער איז גאָט.
און אין שטיבל אליין
מיט די טירן פארמאכט,
איז ער דאָ אינם עול אויף דיין גוף.
אינם שרעק פון דיין נויט און דיין בלוט
הינטערן וואנט פון דיין הויט.

ער איז פיין פון דיין פיין
און ער כאפט אין דיין אָרעם זיך אָן.
און אין דיין געבעט לויכט ער אויף.
און רעדט דיינע ווערטער דיר נאָך.
און שווייגט אין דיין שטומשווייגן נאָך.

און דערפאר, אז א ליכטיקע שעה
עפנט אויף די גענאָדן פון טאָג,
און הימל און ערד זיינען ניי,
רעדן הימל און ערד פון דיין ליכט:
גאָט, איך קום דיר אנטקעגן ארויס
ווי א ברודער אנטקעגן דיר, היינט.
און די וועלט, אָט דער הימל און ערד,
עס איז מיינס פונקט אזויווי סאיז דיינס.
אונזער גוט וואו מיר וואוינען שוין לאנג
אונזער נחלה פון אייביקע טעג,
אונזער נחלה אויף אייביקע טעג.

און צוטיילן מיט דיר זיך דאָס גוט,
וויל איך ניט, קאָן איך ניט, גאָט.
אז דו זאָלסט זיך פארנעמען אויף רעכטס,
און איך זאָל זיך פארנעמען אויף לינקס,
וויל איך נישט, קאָן איך נישט, גאָט.
אז דו זאָלסט זיך פארנעמען די שאָף
און איך זאָל זיך פארנעמען דאָס לאנד,
קאָן איך נישט, וויל איך נישט, גאָט.

איך וויל נאָכגיין דיין פוס און דיין טראָט
און נאָכגיין דיין טאָג און דיין ליכט,
און נאָכגיין דיין נאכט און דיין סוד,
און אויפשטיין גאנצפרי, ווען דו קומסט

מיר אַנטקעגן פון מזרח אין זון,
און נאָך פריער, אין שפּעט־זומער־גרוי,
ווען דו קומסט מיר אַנטקעגן אין גרוי,
אין טריפנדיקן רעגן־טומאַן
איך צינד אָן דעם קיך־לאָמפּ אויפן טיש,
קוק אַרויס דורכן פענסטער און זע:
די קוקורוזע־שטעקנס אין גאָרטן שטייען הויל
שטאַל און שייער אין רעגן־טומאַן.
און די וועלט דאָרט, די פעלדער און וואַלד,
און דער הערבסט ווי אַ גרוי־מידער פערד
גייט פאַרנאַכט פון די פעלדער אַראָפּ
גייט אויף טריבע שטילקייט איבערן לאַנד,
איבער אונזער נחלה און וועלט, גאָט.
און דאָ אין מיין הויז ביזטו, גאָט,
ווייל מיין הויז איז אויך דיינס, און דער לאָמפּ
ברענט מיט היימלאַכקייט, וואַרעם און גוט
און מיין שאָטן און דיינער אויך,
וויגן אים זיך אַנטקעגן אויפן וואַנט —
אויף מיין אַקסל
דיין ברידערלאַכע האַנט.

# עפּעס האָט זיך מיר געחלומט...

האָב איך מיינע טעג פאַרזינדיקט?
אין מיין שטראָף און אין מיין אומגליק
אַ פאַרווינקלטער פאַרבליבן?
אָן דער קרוין פון רום און כבוד
אָן דעם לויב פון שטעט און מענטשן? —

ליב איז מיר מיין קליינקייט לעבן,
ביי דעם שאָטן פון דיין טראָט,
ווי אין טונקלע בערג פאַרלאָרן,
טראַכט איך נאָר פון דער התגלות
פון אַן אַנדערן, אַ שטאַרקן,
מיט אַ ליכטיקערן גורל.

מיין וועג וועט זיך ברייט ניט עפענען. —
כבין אַ לעצטער און אַ ווייטער,
מיטן פּנים צו אַ נעכטן,
און אַ מידן בליק צום מאָרגן.

היינט, אויף גרויע זעק פון דלות,
מיט אַ מורא פאַר די גאַסן,
פאַר דער פרעמדקייט און דער שווערקייט,
פאַרן נאָכקוקן הינטער מיין רוקן.
ווי אַ אינגל, טוט מיך פּייניקן,
די גלייכגילטיקייט און חוזק.

נאָר ביים עבֿאָ און ביים אָפּקלאַנג
פון דער אַלטער וואָר — מיין חלום,
האַלט איך זיך נאָך אָן אצינד.
מאַך איך צו אַזוי די אויגן,
זע איך זיך, אין קעלט, אין ווינט,
אין אַ דערפל, שניי און ווינטער,
בין איך דאָ אראָפּגעקומען,
פרעג איך נאָך זיך אויפן שטיבל
פון דעם אַלטינקן מקובל.

ווייזט מען מיר דאָ וועג־אַרונטער
ביי דעם סוף פון געסל, דאָרטן,
אין אַ וויים פאַרשנייטן גאָרטן.
ביימלאַך קליינע — שטילער אומעט —

אַרום קלײנעם הויז אַרומעט.
און אַ הויפנדל האָלץ מיט קאָרע
און — די שנײען ברײטע קלאָרע
שפּרײטן זיך דאָ װי די פעלדער.

קום איך נענטער צום לעצטן שטיבל
פון דעם אַלטינקן מקובל
נאָר אַביסל זיצן, רײדן,
װעגן ליבן שפּאָלער זײדן.

עפּעס האָט זיך מיר געחלומט,
װעט דער אַלטינקער מקובל
מיר דעם חלום גוט־באַשײדן,
און אַזוי אַביסל רײדן
אונטערן באַלקן פון זײן שטיבל.

# אין אַזאַ צייט — ערגעץ

געבליבן איז נאָר גאַנץ
דאָס אַלטע, אַלטע בית עולם.
און עטלאַכע קליין־אידעלאַך,
מיט ווייסע און מיט גרויאַכע בערד,
און אויך אַ פּאָר יתומים,
איינגעלאַך פאַרשוויגענע.
און געבליבן איז נאָך גאַנץ
דער שיינער חודש דער ליכטיקער,
דער זומער שווימט שוין אהער
אין די פרימאָרגנס אַריין —
ווי אויף אַ העלער שיף
איבער אַ ברייטן בלויען טייך.

ער איז געקומען אהער,
דער יונגער פרילינג־זומער
כאָטש סאיז דאָ אַן אָבלדיק
און זייער אַן אומעטיק אָרט.
צי קלייבט ער זיך דען אויס
די בערג אויף קעניגן?
צו נעמט ער דען פאַר זיך
די גרויסע, אָפענע טאָלן,
דער יונגער פרילינג־זומער?
ער קומט צו די הינטער־שטוב
ביי די אַלטע שווערע ווענט.
דאָרט וואו אַ גרעזל גריסט
דעם הויפן פולן מיסט
מיט אַ גרין צינגעלע.
און אַ יתום־אינגעלע
זעצט זיך דאָרט אוועק אין זון
און גראָבט אַ גריבל אויס,
פאַרזייט אַ ביימעלע
פון אַן אָפּגעבראָכענעם צווייג.
און וואַרט אַז אַ פייגעלע
זאָל זיך אַראָפּלאָזן אויף דעם,
און זינגען אַ געזאַנג.
און שפּילן אַ געזאַנג.

אַז וואָס דאָ איז געווען

און וואָס דאָ האָט „פּאַסירט"
מהאָט עס שוין „אַריינגעפירט"
אין בוך פון פּנקס — — —
אויף צו דערציילן דערפון
אין די ווייטערע טעג.
דערווייל גייען די זיידעס אוועק
מיט די יתומים ביים האַנט,
אויפן בית עולם אַרויף.
דער בית עולם איז נאָך גאַנץ,
דער בית עולם איז אַ הויף.
און אין אַ ליכטיקן טאָג
איז דאָרטן די זוניקייט גרויס.
די זיידעס זעצן זיך
אויפן גראָז ביים אוהל אויס,
און שמועסן אַ שטילן שמועס.
און די יתומים ביי זייערע פיס,
הערן זיך צו זיי איין.
און מילד איז אַזוי דער שיין
פון דער זון צוגאָסן אַרום.
די בלויקייט פון הימל איז טיף,
די בלויקייט פון הימל איז פרום.
און אויף די ביימער הויך,
פליען די פייגלען דורך,
שפרינגען די פייגל אַרום.

און — פאַרנאַכט,
אַז סטונקלט דער טאָג,
גייען די זיידעס און יתומים
פון בית עולם טויערל אַרויס.
דאָ און דאָרטן אַרויף־אַ־באַרג,
שטייט שטיל אַן אַלט הויז.
גייט מען זיך יעדער אַהיים.
און די שטילקייט פון פאַרנאַכט
ווערט אַרום אַזוי געהיים. —
אַן אויג וואו קוקט פאַרקלערט,
אַן אויער אָנגעשפּיצט הערט:

וואָס קומט דאָ עפּעס פאָר
אין שווייגן פון דער וועלט?

וואָס גייט דאָ עפּעס פּאָר
אויף דער טונקלענדיקער ערד,
איידער די זון פאַרגייט
און די נאַכט קומט אַראָפּ
מיט קליינינקע שטערן אין קאָפּ,
און שטעלט זיך לעבן די שטיבער אָפּ,
אַזוי ווי אַ בלינדער ריז
מיט שווערע שוואַרצע פיס
איינגעגראָבן אין דער ערד.
די טירן ווערן פאַרמאַכט,
און קיינער גייט נישט אַרויס
לעבן יעדנס טיר פון הויז
שטייט שוואַרץ און גרויס
די בלינדע נאַכט.

* * *

באַדויער אונז.
מיר זיינען אין הינטערלאַנד.

הער זיך איין,
אין אָוונט
אונטער גרויע הימלען
קלינגט אַ קלויסטער ווייט —
אונזער שרעק,
אונזער אומעט
ציטערט קראַנק.

די וועלט ווייט מיט ווינט
איבער אונזער קאָפּ.
איר וואָרט איז קאַלט:

איך בין ניט אייער היים.
אונטער מיין וואַרימען דאַך
זיצן מיינע גוטע,
כּהאָב פאַר זיי געמאַכט רוען
דאָס וואַרימע ברייטע דאָרף.
זיי לעבען אָן זייער לעבן
לעבן דעם גרויסן, אַלטן
שטאַרקן וואַלד.

אומהיימלאַכער גרויער הימל
איבער די טעלעגראַפדראָטן.
און — קראָען. קראָען.

קראָען זיינען אָן אומהיימלאַך פאָלק —
ציגיינער פונם געפויגל,
פליען אום הינטער די שטעט,
וועבן טרויעריקן כּישוף
איבער די טויבע טעג,
און היימלאָז זייער פלאַטערן
איבער דער הויך פונם בוים
וואָס שטייט און שווייגט
זיין עלנט אין דער וועלט.

# אַ קלאַנג

די ניגונים פון די סדרות
און די שבת־אינדערפריען —
ווייכער מאָרגן־גאָלד אויף דעכער
און אויף טוי און גראָז און בוימער.
און דער תהילים דורך די פענסטער
פון די שולן — ווייטע וועלטן,
גאָט, האָסט שוין פאַרמאַכט די טירן
קיינער קאָן אַהין נישט קומען.
דיינע אַלטע און באַגלויבטע
האָסטו שוין געפירט צום קבר,
און די איינציקע דאָ געבליבן,
פראַווען שטומען צער פון חורבן.
מיר אין טאָל פון היינט פאַרוואָרפן,
הויפנס נאַקעטע נשמות
אָן אַ ליכט און אַ תיקון.
ווער וועט קומען און אונז רופן
זיך מיט לייב און ערד באַקליידן,
און אין אַ געשטאַלט זיך אָנטון,
און צוריק אַ קול באַקומען,
און צוריק אויף אונזערע אַקסל
אָננעמען דיין עול צו טראָגן.
און אַ ליכט אין אונזערע אויגן
ווידער צו דערזען די שיינקייט
פון דיין וועלט אַרום אונז לויכטן.
און מיט קלאָרקייט צו פאַרנעמען
דאָס געזאַנג פון דיינע שטערן,
דאָס געבעט פון דיינע גראָזן.
און סוועט ווידער צווישן אונז דאָ
אויפשטיין איינער מיט דער ברכה
פון דיין וואָרט אויף זיינע ליפּן:
און אונז רופן און מיר וועלן
זיך צו זיינע פיס דערנענען,
נהנה־זיין מזיו השכינה
און ער וועט אין אונז דערוועקן
דאָס געזאַנג וואָס האָט פאַרשוויגן.
איז דאָס דען ניט שטום־געוואָרן
איבער אונזער אייגנעם גומען.

האָט עס דען ניט איינגעשוויגן
אונטער אונזער אייגענעם האַרצן.
מיט איין וואָרט פון זיינע ליפּן
וועט ער אונזער שטומקייט עפענען.
מיט איין בליק פון זיינע אויגן
וועט ער אונזערע נשמות
אָנצינדן מיט ליכטיק פייער.
דאָס פאַרגאַנגענע, דער עבר,
אויפגיין וועט אין אונז אין הווה.
און דער הווה וועט צושטראַלן
איבער אונזערע קעפּ אין עתיד.
גאָט, ביזטו אַליין דען,
דו אַליין, צי ביזטו דען ניט
אונזער בראַצלאַווערס אַ חסיד?
ביזטו דען ניט אין אונזערע מחנות
האַנט אין האַנט מיט אים אינאיינעם
אויפן פעלד־וועג אומגעגאַנגען.
האָבן מיר דען נישט געזען
מיט אונזערע אייגענע אויגן
אויפשטראַלן איבער זיין פּנים
און אויף זיינע הענט די דינגע,
און אויף זיינע דערהויבענע ברעמען
לויטערקייט פון דיין קדושה...
איך, איצט זינגענדיק די ווערטער,
אָט־די פּראָסטע פּשוטע ווערטער,
וואָס איך זאָל איצט ניט דערמאָנען,
בוים און שטוב און אַלע זאַכן
וואָס איך זע אַרום זיך ליגן, —
וואָס איך זאָל אַצינד נישט זאָגן,
אַלץ וועט ווערן לויטער ניגון,
אַלץ וועט ווערן לויטער תהילים.
איך בין אין אָט־די מינוטן
טויזנט יאָרן אַלט־געוואָרן,
און אַרויסגערופן זיידעס
הינטער דורות, הינטער יאָרן
און איך בין פאַר דיר געשטאַנען
ליכטיק־הויך די הענט דערהויבן,
און די הימלען האָבן געלויכטן
ווי אין שול קאַיאַר די שויבן.

# אַלט־סביבה

איך טראַכט פון אַ מענטשן,
וואָס אים איז באַשערט נאָר:
אַ זאַק אויף די אַקסלען,
און ערגעץ אַ ווייב אַ מעוברת,
אַן אַלקער — ביי יענעם געדונגען
און דאָרטן איר איבערגעלאָזט
מיט אַ הילצערן בעט,
אַן אָפּגעקויפט טישל
און אין ווענט — שטשערעס.
אין איר אָפּגעקראָכן לאַנג קלייד
שטייט זי ביי טאָג אויפן שוועל
פון דער שטוב דער פרעמדער
אַזאַ מין געקריוודעטע,
אַזאַ מין פאַרשעמטע,
און וואַרט,
און טראַכט:

„איך בין שוין אין פינפטן חודש,

„און מיין וואַנט לעבן בעט שפּרייט תמיד
אַריבער מיר איינזאַמען אומעט
איך גיי ווי אַ שאָטן און בייג זיך
אונטער מיין עלנטן גורל.
כ'האָב אָפּגעדינט יאָרן
ביי וויגן פון קינדער,
האָב אָפּגעוואַכט נעכט
איבער קראַנקן געוויין
פון גרויסע און קליינע,
לאַנגע, מידע שבתים געזעסן
אַליין ביי אַ פּלויט פון אַ גאָרטן.
נישט געהאַט ווער סזאָל זיצן לעבן מיר,
און ווער סזאָל מיר לייענען אַ ביכל,
און ווער סזאָל מיך נעמען. —
האָט ער מיך גענומען.
ער איז געקומען
פון אַנדערע קאַנטן
און האָט זיך באַזעצט דאָ,
אַ בחור מיט אַ באָרד,
און מיט ווייכע שטילע אויגן

ער האָט דאָ אַמאָל, נאָכן עסן שבת,
ווען אַלע זיינען בייטאָג געשלאָפן
געזאָגט מיר זיין נאָמען.
איך הייס, זאָגט ער מיר:
מענדל מויכער, און איך קום,
זאָגט ער מיר, פון ליטווישן קאַנט.
מיר האָבןביידע געקוקט אויפן וואַנט.

„אויפן וואַנט האָבן פייגעלאַך זון
זיך געוויגט אַהער און אַהין.
מיר זיינען נאָכדעם אַרויס פונם שטוב
און אויף דער פריזבע זיך געזעצט,
אין גאַס איז נישט קיינער געווען,
די זון האָט געהיצט שטאַרק.
נאָר אין אַ פענסטער ביי אַ שטוב
האָט אַ ווייסע קאַץ געדרימלט.
סאיז געווען אַ הויכער הימל,
און דער שבת בייטאַג האָט גערוט.

„איך האָב נישט געהאַט ווער זאָל מיך נעמען,
האָט ער מיך גענומען.
ווייט פון די גאַסן,
האָט ער געדונגען אַן אַלקיר
מיט אַ רויט בעט און צוויי בענקלאַך.
נאָכדעם האָט ער געבראַכט אַ טישל,
און פאַרריכט דאָס צובראַכענע פיסל.
און לעבן בעט עס אוועקגעשטעלט
און מיר איבערגעלאָזט אַביסל גראַשנס
און אוועקגעגאַנגען אויף דער וועלט.

„סאיז נאָך אַ חודש צו יומטוב
און איך בין שוין אין פינפטן חודש,
איך בין תמיד געווען אַ שטילע,
און האָב נישט געהאַט קיין חברטאָרינס.
פרייטיק בייטאָג, ווען כהאָב געשייערט די לייכטער,
און אָפּגעפּוצט די שיך פאַר אַלעמען,
האָב איך געטראַכט פון מיין זיידנס הויז..
און פון דעם וואָס מיינע עלטערן זיינען טויט.
כהאָב מיט קיינעם ניט דערפון גערעדט,
נאָר לעבן אים אין דעם רויטן בעט

האָב איך פֿון אַלצדינג דערציילט,
און ער האָט מיך אויסגעהערט.
און ווען ער איז שוין איינגעשלאָפֿן מיד,
האָב איך נאָך צו אים גערעדט,
ער האָט מיך דורכן שלאָף געהערט.

„אינדערפֿרי האָב איך אים נאָכגעקוקט
ווי ער איז אַוועקגעגאַנגען אויפֿן וועג.
און ווען ער האָט זיך שוין נישט געזען,
בין איך געגאַנגען אין אַלקיר אַריין
און זיך גענומען פֿאַרבעטן דאָס בעט,
און — זיך געזעצט ביים פֿאַרענטש פֿון בעט,
און זיך אַרומגעקוקט אויף די ענגע ווענט,
און די טונקלקייט פֿון אַלקער דערזען,
און איך האָב וועגן אים געטראַכט,
ווי ער גייט דורך וועגן און פֿעלד
צו ווייטע ישובים פֿון דער וועלט.
און ווי אַזוי ער שטעלט זיך אָפּ
ביי אַ שול און נעמט דעם זאַק אַראָפּ,
זעצט זיך צו אויף די טרעפּ,
און רוט זיך אָפּ.

„איך בין לאַנג אַזוי געזעסן
לעבן פֿאַרענטש פֿון בעט,
און צו זיך געטראַכט,
און צו זיך גערעדט,
ווען כבין פֿון אַלקער אַרויס
איז די באַלעבאָסטע פֿון הויז
געזעסן ביי דער טיר
און געשפּיזלט אַ זאַק.
אַ קילער טאָג,
אַ שטילער טאָג,
אַ רואיקער טאָג,
שוין אַ חודש צו יומטוב,
וועט ער באַלד קומען אַהיים,
און איך וועל שוין אין זעקסטן חודש זיין.
וועט ער שוין בלייבן מיט מיר
אַ לאַנגע צייט.

„ביים הילצערנעם ווענטל

פון אונזער אַלקער וועט שטיין
דאָס אַלטע בעטל. —
איך האָב עס היינט געזען
אויפן בוידעם שטיין
מיר׳ן די מענטשן פון הויז
באַצאָלן פאַר דעם.
כוועל עס אויסוואַשן ריין
כוועל עס אויסווישן ריין
אם ירצה השם,
אם ירצה השם — —“

אָט, זיך פאַרטראַכט פון אַ מענטשן
וואָס כהאָב געזען אַמאָל,
אין מיין קליינשטאָט קאָרעץ
מיט אַ זאַק אויפן אַקסל
אַרויסגיין פון אַ שטוב,
און זיך געלאָזט גיין
אין דער ווייט פון דער וועלט.
דער טאָג איז געשטאַנען
אין זיין ליכטיקער גרויס,
גאַס איין, גאַס אויס,
גאַס איין, גאַס אויס,
די זון האָט געלויכטן
אין איר ליכטיקער פרייד
איבער דער גאַנצער שטאָט
ווי איבער אַ גרינער בייט.
און דער טאָג איז אָפן,
און העל צוהעלט
צו אַלע טירן
פון דער גרויסער וועלט.

# זכות

כוועל דערזינגען זיך צום ניגון
וואָס דו האָסט אַמאָל געזונגען.
כוועל דערלויכטן זיך צום חלום
וואָס דו האָסט פון זיך געצונדן.

אַז איך האָב דעם זכות דערלעבט נאָך
מיט דיזעלבע ווערטער רעדן,
מיטן זעלבן אידיש־לשון,
וואָס דו האָסט צו גאָט פּאַרקינדיקט.

ווי די זון אויף גרינע בלעטער,
ווי דעם פויגלס טראַט אויף צווייגן,
הער איך זיך דיין תהילים וויגן
אין די אידישע פּסוקים.

ווער ווייס וואָס עס וועט שוין ווערן
פון די הונדערט קליינע שטיבער
אין מיין גוטן פרומען קאָרעץ,
אויף וואָלינער טאָל־און־בערגל.

ווער ווייס וואָס עס וועט שוין ווערן
פונם צדיקס אַלטן אוהל.
פון די נעסטן אין די ווענט דאָרט,
פונם הויכן גראָז דעם פרישן
אַזש צום פענסטערל אַרויפצו.

אָבער סאיז מיין זכות געווען נאָך —
כבין געווען אַן איינזאַם אינגל,
און בייטאָג, ווען אין די שולן
זיצן אַלטע אָרימעלייט נאָר,
ציילן זייערע קליינע קוויטלאַך,
דרימלען איבער אַ פאַרמאַכטן תהילים,
האָב איך ליב געהאַט אַריינגיין.
אַלע ווענט האָבן געשוויגן,
נאָר די זון פון מיטנטאָג,
האָט געוואַרימט און געליכטיקט
ווענט און פענסטער,
דיל און סטענדערס.
שטילקייט האָט זיך דאָרט געזוניקט.

האָב איך איינגעהערט זיך —
אייביקע היימלאָזקייט און שווייגן.

איז דאָס נאָך מיין זכות געווען.
און וואָס איך האָב געהערט, געזען,
טראָג איך מיט זיך
ווי א שפּיגל.
גאָלד פון אונטער
מיינע פליגל
זון פון איבער
מיינע ברעמען.

וואו־זשע זייט איר
קאָרעצער אינגלאַך?
וואָס קומט איר
צו מיר נישט נעמען
וואָס איך האָב געבראַכט
פון דאָרטן.
וואָס איך האָלט באוואַכט
פון דאָרטן.

וואו־זשע זייט איר,
קאָרעצער אינגלאַך?

# רבי

אויב מיר איז ענג דער היינט,
דערמאָן איך זיך אָן נעכטן.
כזע אויפן ברייטן וועג
דיך אָנקומען, אָ, רבי.
עס שטייט נאָך אונזער שטאָט
ווי ז'איז אַמאָל געשטאַנען,
און הייסט נאָך ווי זי האָט
אַמאָל געהייסן — קאָרעץ.
אַ שווערע צייט פון פּיין
איז אויף איר אָנגעפאַלן,
און אויסגעמאָגערט, מיד,
און גרוי, און אָפּגעריסן,
איז אונזער ישוב קאָרעץ.
און אונזער אַלטער שול,
איז ליידיק און אָן שטענדער.
און אונזער הייליק־אָרט
די צוויי צדיקים אוהלס,
זיינען אָן וועגט געבליבן.
און וויסטע ווינטער פאַרנאַכט,
ווען פּראָסטיק־רויטע בראַנדן
פאַרפלאַקערן אין מערב,
הערט זיך פון דאָרטן ווילד
אַ הינטיש וואָיען־וויינען.
און מיר, אין קליינע ווענט
פון אונזערע אַלטע שטיבער,
מיט אונזער קליינוואַרג —
זיידעלאַך און קינדער,
פאַרטוליען זיך אַזוי
אין עלנט און אין טונקל.
נאָר — איך קוק נאָך ארויס
פון פענסטער און — איך זע דיך,
איך זע דיך קומען, רבי.
דו ביזט שוין נאָנט רבי.
און ביזט אין שול שוין, רבי.
און אַלע, אַלע גייען מיר,
אין שול דיך הערן, רבי.
דו האָסט מיט זיך געבראַכט

די זינגענדיקע בשורה.
דו האָסט מיט זיך געבראַכט
דעם וואונדערלאַכן אָנזאָג:
משיח קומט שוין, אידן.

— משיח קומט שוין, רבי?
ווי ווייט, ווי ווייט־זשע איז ער,
ווי ווייט איז ער נאָך, רבי?

— ער איז שוין נאָנט, אידן.

— צי מעגן מיר שוין זינגען, רבי?

— זינגט פריילאַך תהילים, אידן.
זינגט שטיל צו אים און ליבט אים,
און רופט אים: הייליק, הייליק.
און גייט אין אייערע היימען,
און לייגט די קינדער שלאָפן,
און לייגט זיך אויכעט רוען.
א העלער קול פון שופר
וועט אייך צום אויפשטיין וועקן —

גייט אין אייערע היימען
און לייגט די קינדער שלאָפן,
און לייגט זיך אויכעט רוען,
און רוט זיך אוים פון מידקייט
און רוט זיך אוים פון עלנט,
משיח קומט שוין, אידן.

# ראַדירונג

און נאָכדעם, ווען די בוימער
האָבן שוין מער ניט קיין בלעטער,
זיי שטייען מיט טרוקענע טונקעלע צווייגן
און צייכענען האַרטלאַכע שטילקייט
אין דער בלייך־בלויער לופט, —
ערשט דעמלט פירט אַרויס דער הערבסט
זיינע טעג פון געהויבענער לויטערקייט
ניטאָ שוין קיין איינציקער פויגל
אַרום די הויכע קאַרניזן־געזימסן
פון די אַלטע שטיינערנע מויערן
דאָ אין דעם יחוסדיקן געגנט.
אַ ריינקייט אויף רואיקע ראַנדן,
אַ שיינקייט פון מיטליאַריקע אויגן
אונטערן שאָטן פון פיינע ברעמען.
פרויען וואָס זייערע פּנימער שפּילן, —
וואַרימע זון איבער אַ וואַסער אַ קילן.
דאָס גאָלד קלינגט וויים־זילבערדיק־דין,
עס איז ווי דאָס ווייטע פליען
פון אַ ווייט־ווייטן פויגל מיט ליכטיקע פליגל.
ער בלענדט אינדערהויך
אין דעם זוניקן שפּיגל,
און די בלויקייט איז שאַרף־אָנגעצויגן, —
די דינע געשלענגלטע ברעמען
איבער ניכטער־פאַרחלומטע אויגן,
וואָס האָבן געזען שוין אַ סך, אַ סך
און זיינען שוין דרימלענדיק־מיד
נאָר די קלאָרקייט אין האַרצן איז וואַך,
און איינשלאָפן
לאָזט זי זיי ניט.

# בין נישטאָ

כוועל אַמאָל אָנשרייבן אַ ספר,
און אין ספר אַזאַ מעשה
וועגן זיך און מיין קליין לעבן.
וועט עס זיין פאַר מיר אַ שפּיגל,
ווי אַזוי אויף תמיד בלייבן
אין אַ ווינקל פון עניוות.
אַזוי ווייניק, ווייניק וויל איך.
כוויל נאָר זיין אין גראָען שאָטן
פון מיין מאַמעס שטילן דלות.
און מיין מאַמעס אומעטיק פּנים,
זאָל מיר זיין אַן ערלאַכער שומר —
נישט אַרויסלויפן פון ענגשאַפט,
און נישט שטרעקן זיך נאָך העלקייט.
און נאָך אַלע גרויסע זאַכן
און נאָך אַלע רייכע אוצרות,
אויף די שווינדלענדיקע מאַרקן.
כבין מיט מיין גוף און מיין נשמה. —
אַזאַ שמאָלער מענטש, אַ אינגל,
דאַרף אַ האַרטן באַנק־געלעגער,
און אַ לעצטן אָרט ביים מיטאָג.
דין מיין פּנים, נישט צו זען מיך,
און דעם בליק אַראָפּגעלאָזן.
טאַקע, טאַקע, ווי אַ לעצטער,
אַזאַ ווייטער, ווייטער־לעצטער,
באַקד אַ פרעמדער און אַ וואונדער,
ווי אַזוי איך ווייז זיך דאָ נאָך
יעדן אינדערפרי אינדרויסן.
אויבנאויף־נאָר קאָן מען מיר דאָ
לייכט ביים גרינגן קלאַנג פון נאָמען.
אָט, און — מען האָט מיך פאַרגעסן
מיך פאַרזען און — כבין נישטאָ דאָ.
בין שוין אַזוי לאַנג נישטאָ דאָ.
בין פון אייביק אָן נישטאָ דאָ.

# שפּעט סעפּטעמבער

אויך ביי וועווערקעס
זיינען די חדשים הערבסט
אַ גאָלדענעם סעזאָן.
אַ קלאָרער פּערספּעקטיוו
עפנט זיך פאַר זיי
אין פּאַראַיידלטן פּאַרק,
ווען קאַלטער פרימאָרגן־ווינט
לעשט די קאָלירן
אויף דער צובלעטערטער ערד.

זיי שפּרינגען אום
ווי יומטובדיקע
איבערן דינעם געצווייג.
עס שפּילט זיי צו וואויל
די געמיטלאַכקייט
פון דעם לעצטן שיינעם שפּאַציר
וואָס דער נאָכמיטאָג מאַכט
אונטער דער אַליי.

דער שומר פונם פּאַרק
טשאַדעט אויס
די טשאַטעס בלעטער
וואָס ציען צום ווינט.
ער שטייט און שאַרט צונויף
די הויפנדלאַך. —
גיט עסן דעם פייער
וואָס רויכערט מיט אַ ביטערלאַכן
פיינעם וואָילגערוך.
ער רויכערט אויך דערביי
זיין שוואַרצע לולקע,
און שאָרכעט צו
מיט זיין טרוקענער ליפּ.

## צו...

דאָס גוטע געמיט אויף דיין פּנים.
דיין מויל: כוועל דיך קושן און לויבן;
כוועל דיר גאָרנישט־ניט זאָגן
און זיין אין דיין האַנט אַ מתּנה
פון שיינקייט אין גוטע הנאָהס. —

איך וועל דיר קיין קינדער ניט האָבן.
כהאָב קינדער געהאַט צו אַן אַנדערן.
איך וועל זיך נאָר קלאַמערן אָן דיר
מיט קינדערשע שטאַרקע הענט,
מיט קינדערשע ערלאַכע אויגן.
מיט קינדערשן מאָנען.

שפּיל זיך מיט מיינע תּנועהס.
סאיז מיר אַזוי אומעטיק־קינדעריש.
אַ גאַנצע וועלט פרעמדקייט אַרום מיר,
אַ גאַנצע וועלט קאָן מיך — אַ פרעמדע,
און דו ביזט געקומען אַ ווייטער,
און איך בין דיר אייגן געוואָרן.

מיר, מיטן באַזונדערסטן סוד,
ווי אויסגעטיילט זיינען מיר ביידע
פון אַרום און אַרום דער וועלט.
מיר זיינען ניט פון אָט־דער וועלט,
מיר ביידע, מיר ביידע נאָר
האָבן אַן אַנדער מין גאָט
אַן אַנדערן ווי אָט־די וועלט. —

# ווידוי

נו, מיט וואָס־זשע און מיט וועמען
בלייבט מיר איבער דאָ צו לעבן.
אַז די אַלע אין די גאַסן
זיינען יונגע שטאָטישע תושבים.
איך — אַן אַלטער, און אַ פרעמדער,
פון אַן אַנדער וועלט איינגעאַנצן,
פון אַ ווייטער צייט אַרונטער.

און צו וואָס בין איך געקומען?
דאַרף איך עפּעס דען דערגאַנצן?
דאַרף איך עפּעס דאָ פאַרריכטן?
כּקום זיך פאַר: אַן אָרים אידל.
אַ בעל דרשנדל, אַן עניו,
קומט אַראָפּ פאַרנאַכט אין מקום
עפּעס דרשענען פאַר קהל,
זאָגן מוסר פאַרן עולם,
מיט אַן אומעטיקן נוסח.

כּקום אַריין אין בית המדרש.
סאיז נאָך פרי, די זון אין פענסטער
האַלט נאָך היבשלאָך ווייט צו מנחה.
רעד איך דורך זיך מיט אַ אידן,
און דער איד נעמט מיר דערציילן
פון דער אַלטקייט פון בית מדרש.
און ער קנייטשט די פּנים־קנייטשן
אויף דער צייט פון גרויסע צרות,
אויפן טרויעריקן מזל,
וואָס דער עולם איז צופאָרן.
און די עטלאַכע מנינים,
קומען דאָ, ישוין טויטלאַך־מידע,
נוטה למות — זאָגן ווידוי.

און דערביי טוט ער דערציילן
פונם יחוס פון בית מדרש.
און פון די דרשנים אַלע,
וואָס האָבן שוין דאָ געדרשנט.
מ׳שמועסט אַפילו אַז דער מגיד
פון מעזירעטש פלעגט דאָ קומען
אין די פאַרכטיקע וואָכן — רעדן,

צוגרייטן אידן צו בטחון,
שטאַרקן די אמונה און — בענטשן.
אידן — זאָלן ראוי־ווערן
צו דערהערט ווערן אין הימל.

דאָס איז לאַנג צוריק געווען ישוין,
אָבער ער אַליין געדענקט נאָך
דעם בעל דרשן פון דער ליטע,
וואָס איז דאַ אַראָפּגעקומען
איינמאָל אין אַ מיטן מיטוואָך
מיט אַ וועגל און אַ פערדל.
און געשטעלט זיך ביים בית מדרש,
און דאָס פערדל צוגעצוימעלט.
און אַרויס צום מאַרק פון קלייטן
וועגן זיך צו־וויסן־געבן.
און פאַרנאַכט איז פול און פול
געווען דאָס גרויסע בית המדרש.
און ער האָט זיך עס צודרשנט
מיט אַ משל פון אַ קליאַטשע.
און דער משל האָט גענמשלט,
זיבן אַנדערע משלים
וועגן דער כנסת פון ישראל,
וועגן יוספס שיינעם חלום.
וועגן דעם און וועגן יענעם.
און געהייסן האָט דערדאַזיקער
רבי מענדעלי מוכר ספרים.

כהאָב דאָס אויסגעהערט, געשוויגן,
שטום־פאַרטראַכט געשוויגן —

אפשר בין איך דאַ געקומען
מיט אַ לעצטער טרייסט־שליחות.
פאַר אַן איבערגעבליבענעם מנין
רעדן אַ פּאָר פשוטע ווערטער?
און אַ מעשה, און אַ משל
מיט אַן אַלטן שטילן נוסח,
פאַר די לעצטע צו דערציילן,
און אינאיינעם מיטן מנין
ווידוי זאָגן, ווידוי זאָגן,
דריי מאָל אַ טאָג ווידוי־זאָגן:
שחרית־ווידוי, מנחה־ווידוי,
און ביי יאָרצייטליכט צוויי קליינע,
מעריב־ווידוי.

II

# ניגונים

קום ווידער צוגיין
מיט דער שליחות פון גאָט.
די וועלט איז פאַראַרימט,
און ענג איז איר אויג,
בלינד איז איר טראָט.

קלינג ווידער דיין קול
איבער עלנטע קעפּ
מיט דיין ליכטיקן רוף,
מיט דיין גלויבן אין זיי.

נאָר דיין קול זאָל זיין קלאָר
ווי דער טאָג אין־דער־הויך.
און דיין וואָרט זאָל זיין ריין,
ווי דאָס וואַסער וואָס קוועלט
דורך די ליכטיקע ציין
פונם מויל פון אַ שטיין.

## א.

דאָ בלייבן אַנדערע און אַנדערע,
און מיר, מיר אַלע — גייען אָפּ.
אין הערבסט אַמאָל, פון אַ קלאָרן הימל,
און פון דער לויטערער זון דער שטילער,
טוט קלונג דער טויט אַ גאָלדענעם וואונק.

פאַראַן אַ פריידנעפיל אַ מילדער
אין אָט־דעם טרויער איבער זיך.
און וויפיל זאָלסט נישט זוכן קיין ווערטער, —
זיי נעמען זיך נישט אָן צום ניגון
וואָס קלינגט אין דיר און אין דער וועלט.

און וויפיל האַרט עס זיינען געוואָרן
די טריט דיינע אין ניו־יאָרקער שטיין.
און וויפיל שווער עס זיינען געוואָרן
די ווערטער דיינע אין איר שטאָל,
טראַכסטו פון רו אין אַ מילדן טאָל.

און פון לבנהשער ראָמאַנטיק,
און — פון אָראָפּקערוועגן זיך ביים וועג —
אַ קליינער דורכשטראָם פון אַ וואַסער,
אַ בוימל, פונם ווינט צובראָכן,
מיטן בלעטערדיקן קאָפּ אין טייך.

און פון אַ דאָרפֿישן בית הקברות —
מצבֿות — ווײַס און אין דער זון
פון דורכגעלײַטערטן סעפּטעמבער;
געשניצטע שטײן־מלאָכים קינדערשע
איבער די גרינע בערגלאַך רוען.
און טאָג און ערד און הימל — רוען.

ב.

אינגאַנצן פרעמד שוין באַלד
בין איך אין אָט־דעם דור.
די ירושה וואָס אַ וועלט
האָט איבערגעלאָזט אויף מיר —
איך היט געטרײַ איר שטויב,
איך היט געטרײַ איר שטײן.
און פון איר אַלטן גאָלד
שמעלץ איך מײַן וואָרט צעזונויף —
מײַן לעצטן רינג אין איר.

מיך אַרט נישט וואָס מײַן געבײן
וועט ליגן קלײן און לעצט
בײַם טרעפּ פון טויטנאָרט.
ווי דער פרימאָרגן־טוי,
איז לויטער אויסגעקלאָרט
דער הימל פון מײַן סוף.
איך נידער נישט צו אים,
איך גײ צו אים אַרויף
אויפן ישווייגנדיקן וועג,
און בײַ זײַן טויערשוועל
זעץ איך זיך רואיק אַוועק.

נאָך מיר קומט קײנער ניט נאָך.
איך האָב מיט זיך פאַרשטומט
דעם קלאַנג פון לעצטן טריט.
מײַן האַרץ איז קלאָר און — מיד.
מײַן אויג איז רײן און — מיד.
איך אָטעם אײַן אין זיך
דעם ריח פון לעצטן שלאָף,
און ווי אַ קינד — שלאָפט אײַן
די נשמה אין מײַן גוף.

ג.

און מאָרגן — מיר אַלע
שוין עלטער און אַלט.
וואו וואוינט דען דער טויט?
אין אַ ווינטריקן וואַלד.

דער וואַלד איז אַן אַלטער
אַ טונקלער און גרוי.
דאָס שטיבל אין וואַלד
מיט אַ קוטשמע פון שטרוי.

קוים־קוים וואָס אַ פענסטערל
זעט זיך אַרויס.
קוים־קוים וואָס דאָס קוימנדל
שפּאַרט זיך אַרויס.

די שנייען פאַרדעקן
די בוימער די קעפּ,
און סהענגען די צווייגן
ווי פוכיקע צעפּ.

קוים־קוים וואָס די זון
כאַפּט פונוויטנס אַ בליק —
אַ שיין אויף אַ צווייג
און — פאַרפלויגן צוריק.

דאָס שטיבל שטייט ווייס
אין די שנייען פאַרשנייט.
און אינווייניק — דרימלט
דער אַלטער ר' טויט.

ד.

בין אין אָרימקייט געבאָרן,
האָט די אָרימקייט געהיט
אין מיין בלוט אַ שטילע ריינקייט
און אַ מילדקייט אין געמיט.

דורך די טעג פון ביטערקייטן,
דורך די הונגעריקע טעג,
פיר איך נאָך ביז איצט מיין לעבן
אויף אַן אָפּגעקליבענעם וועג.

פונם אלטן ווייטן גלויבן
איז מיר גאנץ א מינדסטער טייל.
(און מיין וואונדיקייט אין ליידן
קום, בארואיק מיך און הייל).

נאָר מיין שוועל און נאָר מיין שטובוואנט,
פארן האנט נאָר מיט מיין קינד.
בין א קליינע שטילע חיה
אין ניו־יאָרקער לאבירינט.

צייל מיר נישט קיין לאנגע יאָרן,
כבעט נישט אויף קיין גרויסער פרייד.
פארן האנט נאָר פיר מיך קינדערש
ביזן גרויען שוועל פון טויט.

ה.

איך רוף צוריק... און קיינער וועט
מיר נישט אנטקעגנקומען.
עס האָט דער מארק זיין נעץ פארשפרייט
און אלעמען פארנומען.

מ'האָט היינט פון מארק אין שלאכט אריין
געפירט א פאָלק מיט יונגען
מיט שפיזן און מיט לידער — הויך
און שטאָלץ האָבן זיי געזונגען.

איך בין הינטער א הינטערגאס
מיין עלנט־וועג געגאנגען
האָב פון דער ווייט געהערט דעם פויק,
דאָס שפיל, די קריג־געזאנגען.

און אזוי פרעמד בין איך געווען,
און אלט, און — ניט פונדאנען.
האָב אָן א פלויט זיך אָנגעשפארט
וואו גראז און בלעטער וויאנען.

און פון דער וועלקנדיקער ערד
דעם אראָמאט דעם הארבן
האָב איך ארייננגעזאפט אין זיך
ווי זיסן סם — צום שטארבן.

ו.

צו...

און אזוי ריין ביזטו צו מיין געביין געבונדן.
און תמיד איז צו מיר ווי דאָס גענאָד פון גאָט,
דיין קינדעריש מויל געוועגדט מיט ווערטער און מיט שווייגן.

כוועל קיינמאָל ניט פון הינטער דיר אוועקגיין.
פארקלייב זיך אין דיין שלאָף מיט טויזנט זיכערקייט.
ביים ערשטן וואכן בליק וועסט דערזען
מיין קאָפּ צו דיר געבויגן,
מיינע שטומע הענט ביי דיין צופוסנס.

צי בין איך דען פון די וואָס רעדן וועגן לענדער?
פון ווייטע וואונדערוועגן, ווארטנדיקע אוצרות?

נאָר דו, אָט ערשט האָסטו פון מיר זיך אויסגעטיילט
מיט הענט ווי שמאָלע בלעטער אין דינעם איידל־גרין
און שטרעקסט זיי ווארימע צו מיר, ארום מיין האלז,
און בייגסט מיין קאָפּ אראָפּ, אראָפּ צו זיך,
און זאָגסט:

איך וויל דיר גאָרנישט זאָגן.
איך האָב נאָר ליב, כהאָב ליב אזוי דיין קאָפּ אויף מיינעם,
דיין האלז אריבער מיינעם
און ביידע — אין איין שווייגן,
אין איין שווייגן צונויפגעבונדן,
צונויפ־צונויפ־געבונדן.

ז.

איך וועל שוין מיין וואָכיקן טאָג
פון גרויקייט נישט קאָנען דערהויבן.
אָן אָפּקלאַנג נאָר הער איך אמאָל
אינם גאָלד פון פארנאכטיקע שויבן:

איך בין דאָ, בין נאָך דאָ אויף דער ערד
אין מיין יומטובדיק קלייד נאָך ווי תמיד.
און ניט אָפּגעטאָן האָט זיך מיין רו
אין מיין שבת־פארנאכטיקן אומעט.

שטומע וואָך אויף דער אָרימער וועלט
און וואָכיקע גאסן און שטיבער.

איך קום אָן צו אַ הויף, צו אַ הויז,
און מען לאָזט מיך די שוועל ניט אריבער.

איבער פעלדער און וועגן אַליין
גיי איך אום ווי אין שיכורן דרימל.
דער הערבסט ליגט — אַ גאָלדענער הונט,
אונטער קלאָרן און לויטערן הימל.

ח.

איז מיין טאָג אַ וועלט פון אומעט,
איז מיין ליד אַ בוך פון תפילות,
איז מיין שעה די שעה פון וואַרטן
אויף אַ גוטן בליק פון ערגעץ,
אויף אַ וואָרט פון גוטער בשורה. —
כוועל סיוּוּי מיין יונגן לעבן
פרי דעם אַלטן טויט פאַרטרויען.
און אויף מיר וועט דער פריער זומער
שפּילן זיך אין זון און שאָטן
ביים צוקאָפּנס פון געלעגער
אָבער איצטער — שיק אַ בשורה
ווייט מיין טויטן טאָג אריבער.
און — מיין קליינע שעה ווערט גרעסער,
און מיין ענגע שטוב ווערט ברייטער,
און — איך ריכט זיך אייביק לעבן.
אינגל מיינס, שטעל צו אַ לייטער,
וועלען מיר אויפן דאַך ארויפגיין,
וועלן מיר דעם קוימען פאַרריכטן,
און אים אָפּפאַרבן אויף רויטן.
אמת, אמת, אונזער שטיבל
איז ירושה אויף ירושה,
און די וואַנט פון מערב בייגט זיך
מיט אַ האָרב צום מזרח פענסטער.
דער געזימס איז פויל־צופאַלן
פון די נעסטלדיקע פייגלען,
אָבער היינטיקן ווינטער וועט זיך,
מוז זיך אויספּוצן אונזער שטיבל
מיט אַ רויט־געפאַרבטן קוימען,
אַז די גאַס זאָל זיך פאַרקוקן,
אַז די גאַס זאָל זיך פאַרגאַפן.

ט.

שטומערהייט טוט די ערד מיר זאָגן:

איך וועל עפענען מיינע טירן,
און וועל אין מיין שטאָט דיך נעמען
אין מיין לאַנד פון שטילע בירגער,
אין מיין גאַס פון שטומע תושבים.
און דיין שטאָט פון אָפענעם טומל
וועט אויף אירע קופּערטאָוולען
אויסקריצן דיין קליינעם נאָמען
צום געדעכעניש פון דורות,
און — זי וועט דיך באַלד פאַרגעסן.
ווייל די בירגער פונם ישוב
וועלן דיך נישט זען שוין מערער
יעדן אינדערפרי אַרויסגיין
אויפן מאַרק דיין ברויט פאַרדינען,
אויפן שוועל אין אָוונט רוען.
איך וועל אין מיין לייב דיך טראָגן
ניינאונניינציק טויזנט יאָרן.
ביז איך וועל דיך ניי־געבוירן
ערגעץ ביי אַ בערגל־אָפּברוך —
אַ קליין ביימעלע מיט גאָרנישט.
נאָר די דינע גרינע בלעטלאַך
מיט אַ דורכזיכטיקער העלקייט
וועלן מיטן ווינט זיך שפּילן.
יונג וועט זיין דער ווינט פרי־פרילינג
און מיט טוי אויף זיינע ליפּן.
און ביים אָפּברוך פונם בערגל
וועלן אויפטשוכען זיך גראָזן.
און אַ ריטשקעלע פון וואַסער
פון באַגינענדיקן רעגן
וועט אין רואיקייט זיך בלייכן.
ניין און ניינציק טויזנט יאָרן
וועסטו אין דיין רואיקייט וואַקסן.
דיין אַזוי און קינדערש־איידל,
און אַן איינציקס דאָ ביים בערגל,
נאָר די ווייכע וואָרצלען דיינע
איינגעוואַקסן אין מיין נאָפּל
זויגן פון מיר זאַפט און מילעך,
און די זון צינדט העל דיין גרינקייט —
אַ מנורהלע פון שטילקייט

אין דער איינזאַמקייט ביים בערגל.

י.

נעם, צייל אָפּ די לעצטע שעהן
און — אַט בין איך אויף מיין בעטל,
אויף מיין לעצטן טויט־געלעגער.

אין די פענסטער שטייט די וועלט נאָך
מיט דער זון און טאָג און גאַסן,
און — איך האָב געלייגט זיך שטאַרבן.

און כדערמאָן זיך שורהס, קלאַנגען,
וואו איך האָב געבעטן אָפּרו
מיינע לויטערסטע מינוטן.

וואָס האָב איך געוואָלט דען גרייכן?
האָב איך דען דיר אויסגעשטרעקט
די הענט צו דיינע הויכן?

פון צעווישן שאָטנגעסלאַך
וואו דער אָוונט ליגט ביי פּלויטן,
האָב איך דיך צו זיך גערופן:

קום צוגיין צו מיר פון ווינקל.
נעם מיך פאַרן האַנט, אוי, פאָטער,
און מיר וועלןביידע אַוועקגיין
אויפן וועג פון שטילע טאָלן.

סמוז דאָך ליגן אינדערנידער
פון דער אָרימער ערד און טאָלן
ערגעץ נאָך אַ פּשוט דערפל.

קומען מיר אריין אין ישוב,
אין דער טיר פון ערשטן שטיבל
וועסטו אויף מיר שווייגנדיק ווייזן,
אַז איך בין דיין זון דיין קראַנקער.
וועט מען אונז אַ געלעגער געבן.

און ביינאַכט, אוי, פאָטער ליבער,
אינם פרעמדן הויז, אין ווינקל,
(ווען אַלע וועלן רואיק שלאָפן),
וועסטו מיט מיר ווידוי זאָגן.

שטיל, איבער דער נאַכטיקער שטילקייט
פונם פרעמדן ענגן שטיבל,
דורך די פענסטערלאַך די שמאָלע
קוקט דער ווינטערדיקער דרויסן
שניי און ווייסקייט, נאַכט און ווינטער.

ביידע, שאָטנס — זיצן מיר ביידע
אויפן האַרטלאַכן געלעגער,
און דו זאָגסט די ווידוי־ווערטער,
און איך זאָג דיר נאָך די ווערטער.

נאָכדעם לייג איך זיך אַנידער,
און איך הער ווי דיינע ליפּן
מורמלען: אשרי תמימי דרך.
ווערט מיר אַזוי גוט צו שטאַרבן.
גיי איך איבער ברייטע פעלדער,
פעלדער אייביקע מנוחה.

מאָרגן —
שטייסטו אויף פונם געלעגער,
זאָגסטו צו דעם פרעמדן מענטשן,
וואָס האָט אונז אַן אָרט געגעבן:
סאיז מיין זון ביינאַכט געשטאָרבן.

קוקט דיר אָן דער מענטש דער פרעמדער,
גייט מיט דיר אין טויטן־ווינקל,
טוט אַ קוק אויף מיר אַ שטומער
און גייט אָפּ און — איבערן געסל
פון דעם ווייטן טאָליקן דערפל,
פירסטו, פאָטער, מיך צו קבורה.

האָסטו מיך דאָ איבערגעלאָזן,
פאָטער, און אוועקגעגאַנגען.

פון די שטעט און וויסטע ערטער,
וואו איך האָב אומזיסט געליטן,
האָסטו מיך אוועקגענומען.

שטענדיק האָב איך דאָס געבעטן.
הינטער הינטערגעסלאַך אַלטע
בין איך דיר געקומען זוכן.

און בין אונטער גרויע הימלען
בעטנדיק צו דיר געשטאַנען,
בעטנדיק, צו דיר גערופן.

יא.

און דו וועסט קומען,
און וועסט אַרויפגיין אויפן בית עולם,
און וועסט איבערקוקן, איבערזען די מצבות־טאָוולען.
און מיט דיין דלאַט און האַמער,
און מיט דיין שפּיציקער פּייל,
וועסטו אויסהאַקן די ציין
פון די שיינע ליגנס
מיט די גאָלדענע קעפּלאַך
מיט די הייליקע הערנער.
דו וועסט אויסהאַקן,
דו וועסט אויספּיילן
די שטאָלצן פונם כבוד
און פונם שרייענדיקן לויב.
און וועסט פּראָסט און פּשוט
דיין הילצערן שטעקעלע
איינטינקען אין שוואַרצן טינט,
און יעדן איינעם אָפּגעבן
צוריק זיין נאַקעטן נאָמען,
און זיינע אָרימע מעשים.
און זיין קורצן שווערן טאָג
וואָס ער איז דורכגעגאַנגען
אונטער די בייזע בייטשן
פונם רויען מאַרק.
און איז אַהיימגעקומען,
און ביים ברעג פון טיש
געגעסן זיין אָרימברויט
און זיין מאָגער געקעכץ,
און רואיק, רואיקער, אַרויסגעקוקט
דורכן פענסטער אויף דער וועלט:
נאָך פּרי אין זומער
די פּאַר־אָוונטיקע בלויע רו
ווינקט פון די הימלען נאָנט,
און ציט דאָס אָרימע האַרץ
וואָס ליגט געבונדן

מיט רויטע אָדערן צום לייב.
און פרייט זיך פרום
און אומעטיקט פרום,
ווי א געפאַנגענע טויב.

יב.

באַוויליק נאָך עטלאַכע שטראַלן
פון יומטוב אויף אונזערע געמיטער.
אַזויווי א טוי זאָל עס פאַלן,
א טוי אויף פאַרוויאַנעטע ריטער.

און איידער דער סמיקער רעגן
פון פוילונג טוט איבער אונז גיסן, —
ביי אונזערע עלנטע ברעגן
דיין גאָלדענער טרויער זאָל פליסן.

און אויסשפּילן זאָלן די פאַרבן
פון אונזער פאַרוויִיטיקטן שוויִיגן.
און זינגענדיק זאָל אונזער שטאַרבן
פאַלן ווי בלעטער פון צווייַגן.

# און אַז מיר קומען...

.1

פריינט מיינער, חבר — מיין וואָרט,
אַלע טעג שטייסטו־אויף יונג,
אַלע טאָג וואַכסטו־אויף פריש,
גלייך ווי דאָס ברויט אויף מיין טיש,
גלייך ווי די זון אויף מיין וואַנט,
גלייך ווי דער כח אין מיין האַנט,
און ווי די וועלט אין מיין אויג.
און אַלע טאָג איז זי די וועלט
דיר אַ באַזונדער מין לאַנד.

ערשט האָב איך דאָ אויפן אָרט
צום האַפן געאַנקערט מיין שיף
שטייט גאָר די צייט ווי די ווייט
פון אַ ים — הינטער אונז, ווי אַ וועג,
און נייַ איז דערדאָזיקער ברעג
היינטיקן טאָג דאָ פאַר אונז.

וואו און אין וואָסער אַ לאַנד
לאָזן מיר מאָרגן זיך גיין
פריינט מיינער, חבר, מיין וואָרט?
איז נאָך די וועלט טאַקע גרויס?
איז דען די ערד טאַקע ברייט
ביז דער מדינה פון טויט?

און אַז מיר קומען אַהין
פריינט מיינער, חבר, מיין וואָרט.
און אַז מיר וועלן קומען אַהין,
און אַז מיר וועלן זיין מיד,
וואָס־זשע, אוי, וואָס וועלן מיר טאָן?
וואָס קאָן מען וועלן דען טאָן?
רויטלאַך, די ברעמען אַראָפּ,
מיט אַזאַ מיד־מידן קאָפּ,
ליינגט אויף דער ערד זיך די זון.
לאָזט אַזאַ רויטלאַכן שטויב
איבער די גראָזן צושפּרייט.
לייגן מיר אויך זיך אַוועק

דאָ אויף דעמדאָזיקן ברעג
גיבן מיר ביידע זיך אָפּ,
צום טאָג הינטער אַלע טעג.

2.

זאָל דאָס וואָרט מיינס
זיין ווי אייער ליב,
וויים און וואַרים
און מיט ווײַן פון בלוט
אין זיינע אָדערן.
און מיט יונג גענאָד
זיך אָפּצוגעבן
אַלע טייערקייטן,
אַלע טרויריקייטן
פון אייער לעבן.

אייער אומעט,
אייער שווערן מזל
ליימערן אין לידער.
גוט זיין צו אייך אַלע,
קומען ווי א ברודער
אין אייער שטיבער.
טרויערן מיט אייך בציבור.
אויף פאַרלאָרנקייטן.
און פרייען זיך
אויף דערקענטן קליין־זיין, —
קלאָר־דערקענטן ריין־זיין;
אויף פאַרוואָרפענע לוינען,
און אויף בלייבן וואוינען
אין דעם ענגסטן אָרט
ווי אין דער ברייטסטער וועלט
און — מיטן שטילסטן וואָרט
אין שווייגנדיקן האַרצן,
ווי א טונקל פלעמל
אין א ווינקל דאָרטן
טוט עס ברענען —

רו
און זיך דערקענען.

# שבתימלאך

שבתימלאך זינגען שוין מער ניט
אין אונזערע אלטע מקומות.
וואַכעדיק גרויען די שטיבער,
די שטעלעכלאך פון די בהמות.

שבתימלאך — האָבן זיך אלע
פאַרהויבן די זיידענע פּאָלעס,
און זיינען דורך שטויביקע וועגן
אוועק ערגעץ אַפריכטן גלות.

זיי שטעלן זיך אָפּ אין אַ קרעטשמע,
אַ קרעטשמע פון גרוי־אַלטע יאָרן.
די אַלטע און גרויע קרעטשמאַרעס
דאָרט זיינען פאַרזעסן געוואָרן.

ער קוקט נאָך אריין אין עין יעקב
מיט קלאָרע, מיט ליכטיקע אויגן,
און זי — אין אַ תחינה אַ געלער
ישעה־שעהן אריבערגעבויגן.

שבתימלאך קומען אהינצו
און שטעלן זיך אָפּרוען דאָרטן.
אַן אומעטיק פרידלאַכע שטילקייט
שפּינט אלולדיק גאָלד אינם גאָרטן.

לעצטע גרילן אין מידיקע גראָזן
שפּילן שבת־בייטאָגיקע זמירות
אויף זייערע הערבסטיקע פידלען,
אויף זייערע הרבסטיקע לירעס.

# אַלט קינד

און אָפּט קומט דער טויט צום קליינעם קינד
און זאָגט אים שטיל־שטיל:

דו ביזט שוין אַלט, קינד.

דו האָסט נאָך נישט קיין באָרד,
און נישט קיין קנייטשן,
אָבער דו ביזט שוין אַלט.

נאָר, האָב נישט מורא, שיין קינד,
איך בין דיין יונגער פֿאָטער.
איך בין דער פֿאָטער פֿון אַלעמען.

און איך האָב אַ וועגעלע.
און ביים וועגעלע
אַ ווייס פערדל,
אַזויווי דאָס פערדל פֿון משיח'ן.

מיין פערדעלע גייט פּאַמעלאַך
איבער ברייטע ליכטיקע שנייען.

די ווינטן שטעלן זיך אָפּ.
פֿן די שנייען גליען דימענטן.

די זון פֿון שיינעם הימל
קוקט ווי אַ שיינע מאַמע.

זי גייט אַרום איבערן הימל,
זי איז שוין ווייט, די מאַמע.

און אַז זי קומט צום ברעג
און ווערט אַ רויטער פלעק,
וועלן מיר זיך אָפּקערעווען אָן אַ זייט.
און — ווייס קומט די לבֿנה אָן
אנטקעגן אונז,
אויף איר גרויסן וועג.

# דאָס וואָרט

און אַמאָל איז גאָר דאָס וואָרט נאָך קינד,
סאיז קליין און קאָן נײַשט נאָכזאָגן דײַן געדאַנק,
און קאָן נישט נאָכגיין נאָך דײַן טריט.
סאיז קליין און קאָן נישט טראָגן אין זײַן האַנט
ניט דײַן שווערקייט, נײַשט דײַן ערנסט, נישט דײַן צער.
און ווען דו שיקסט עס עפּעס ברענגען פון דער וועלט,
בלאָנדזשעט עס אין פרעמדע געגנטן אַרום.
גייט פון גאַס צו גאַס, פון שטוב צו שטוב,
און קומט צו שפּעט צוריק צו דיר
מיט הענט מיט ליידיקע און — שטום־שטום־שטום.

און אַמאָל איז גאָר דאָס וואָרט אַ לעמעלע־נאַר,
רעדט פאַרקערט, פאַרשטייט ניט דײַן געמיט.
צוקלינגט אויף אַלע שטעלן, איבער אַלע דעכער פונם מאַרק
וואָס דײַנע ווענט האָבן געהאַלטן צווישן די ציין,
און — די הענט און מײַלער פונם מאַרק זײַנען ניט ריין.

נאָר אַמאָל, אַמאָל, אַמאָל,
קומט עס דיר אַנטקעגן און בלײַבט שטיין
ווי באַרג, ווי פעלז אַנטקעגן דעם מייסטער אַנדזשעלאָ.
און קוקט אויף דיר ווי דורך טומאַן אַרויס
מיט טויזנט סודותדיקע פּנימער פון ערד און וועלט:
נביאים, בעטלער, שטראָפער באַצאָרנטע
וואָס רייסן זיך פון זייער גורל ווי פון שטיין.
דו שפּיזט די אויגן אין פאַרגליווערטן־זיך־וויגנדיקן טומאַן
און זעסט די פּנים־קנאַכן ווי וואָרצל קאָרטשעס
קריכן, רייסן זיך פון זייער וויסט צו זון,
און עפּעס הערסטו קולות פון אַ טויבער ווייט, —
פון אונטער בערג נאָך נישט אַרויסגעוואַקסענע צײַט,
סאיז ווי דאָס קול פון גאָט, וואָס רופט דיך אָדער זאָגט דיר אָן
זײַן אָנקומען פון אַן אומענדלאַכע־אומענדלאַכער ווייט.
דו ווייסט נישט פון וועלכן וועג, פון וואָסער זייט,
און — הויבסט זיך אויף, קוקסט זיך אַרום:
דורך וואַנען זאָלסטו זיך לאָזן גיין
אַנטקעגן אים.
אַנטקעגן אים.

# אַ רוף

שטיל,
אז קיינער הערט ניט,
רוף איך:

ביי דיין טיר ליג איך.
גיי אַרונטער.
עפן.

כהאָב נישט קיין ווערטער,
נישט קיין געבעט.

איך בין אַראָפּגעגאַנגען
פון אַ קאַלטער גרויער ערד.

בין מידקייט.
שווערקייט.

האָב אָפּגעשלעפּט
אַ משא הארטע וואָך.
מיט פאַרסמטן אומגעדולד
זיך קוים צו זיך דערריסן.

העלף מיר.

לערן מיך.
לערן מיט מיר,
לערן מיט מיר
דאָס קרומע כתב
פון מיין לעבן.

ברעך אויף מיין שטומקייט.
גיב מיר עטלאַכע אָרימע ווערטער,
עטלאַכע פּשוטע צייכנס
אין מיין בלאָנדזשעניש
זיך צו דערפרעגן
צום שוועל פון די זיכערע.

# טאַטע, טאַטע

וועל איך נאָך זיך איבערלאָזן
נאָר אַ ליידיק הויז אָן עלנטס.
מיינע קינדער — אין די ווייטן,
קומען ניט נאָך דער ירושה...

וועט אַ פרעמדער מענטש פון קהל
צושליסן פון הויז די טירן.
וועט זיך אויף די פענסטער שטויבן
גרויקייט, אַלטקייט און פאַרגעסן.

אָט־אַזוי־אָ, זאָג איך, בין איך
ערלאַך צו מיין ברעג געקומען.
צוגעפירט מיין שוועל מיין גרויע
צו דער גרויער שוועל פון קבר.

זינגט נאָך מיר נישט, מיינע לידער,
מיינע שטילע, גרויע פייגל.
יעדער שפּרינקל גאָלד פון צירונג
טרייסלט אָפּ פון אייערע פליגל.

שטומקייט איז מיין טראַט מיין לעצטער.
כבין, אַן אָרימאַן, געקומען,
נאָך מיין וואַגל און מיין בעטלען,
צו מיין טאַטנס טיר פון קבר.

קלאַפּ איך מיט אַ שטילן פינגער
אין זיין טיר אָן: טאַטע, טאַטע.
עפן־אויף דיין טיר מיר, טאַטע
און איך הער: דאָס גרויע טריפן

פון די קליינע רעגנטראָפּנס
אויף דער ווייכער ערד אַרום מיר,
און איבערן דאַך פון שטיבל,
און איבער מיין קרומער פּלייצע.

# ליכט

האָבן האָב איך דאָ ניט קיינעם.
אפשר וויל איך קיינעם ניט.
אפשר דאַרף איך קיינעם ניט.

כלעב מיט זיך אין סוף־מחשבות.
טאָג קומט אָן און טאָג גייט אָפּ, —
איינע און דיזעלבע וועלט.

שטיל הויבט זיך אַ וואָרט אַרויס
פון די ליפּן מיינע, שטיל:
מאַך שוין צו מיין מידע ברעם.

אומליב — וואָס איך האָב געזען.
וועלקונג — וואָס איך האָב געהאַט.
און איך נעכטיק אויף דער וועלט,
ווי אין אַ פרעמדן איינפאָרהויז.

מענטשן גייען דאָ פאַרביי,
און איך זיץ ביים שוועל און קוק.
דאַכט זיך: כקאָן זיי קיינעם ניט.

סדרייען זיך דאָרט אום אַ צוויי —
כהאָב מיט זיי געהאַט צו טון —
ווייס־איך־וואָס און ווייס־איך־ווען.

איינער האָט מיך אָפּגענאַרט,
איינער האָט מיך אויסגעשפּעט, —
ווייס שוין ניט פון וואָס און ווען.

איך בין טויזנט יאָרן אַלט,
ווי די שטיינער אונטער מיר,
ווי דער שטויב דאָ ביי דער טיר.

נאָר די זון קומט דאָ בייטאָג
קינדעריש־העל און קינדעריש־יונג,
יעדן טאָג אין נייעם גאָלד.

לייגט זיך לעבן מיינע טריט
אין אַ וואַרימען קרייז אַוועק, —
זוימט מיט ליכטיקייט מיין ברעג.

# ליכט

האָב איך אָפּגעניײגט אין ווינקל,
קומט דער שטילסטער זונשטראַל צו,
לייגט אוועק זיך אין מיין ווינקל,
און ער רוט אויך אין מיין רו.

צו די גרויסע הויכע טומלען
וועל איך קיינמאָל נישט ארויס.
כוועל שוין גאָרנישט גרויס דאָ מאַכן —
קאָן דען עפּעס ווערן גרויס?

אז איך בין שוין אויסגעוואַקסן
ביז דיין קנעכל, גרויסער האר,
האָב איך זיך אַראָפּגעבויגן
פאַר דיין גרויס געגנאָד, מיין האַר.

ווי איך בין ניט קליין — אַ שווערקייט
פאַלט אויף מיר פון זיך אליין.
פון מיין שטאָלצער רגע פאַל איך,
ווי אַ בלינדער טעמפּער שטיין

אינם אָפּגרונט פון מיין עלנט,
און — אז איך קום קוים צו זיך,
מיט אַ דינעם זונשטראַל, זע איך,
ביי מיין פענסטער — טרייסטו מיך.

גרויסע רואיקייט — דיין חסד,
שפרייט זיך אין מיין ווינקל אויס.
און מיין ווינקל איז מיר הייליק,
און מיין ווינקל איז דיין הויז.

# אַ קלאַנג

מיין אטתרין.

טריב די מעשים פון מיין האַנט,
פון מיין האַרץ דאָס טראַכטן —
ווי די זון אויף הערבסטיק לאַנד,
עלנטע פאַרנאַכטן.

ווערט, איך וואָלט דיך ווי אַ שאָף
אויף מיין האַנט גענומען,
און געטראָגן באַרג־אַרויף
צו דעם גאָלדענעם ברונים.

כוויים און זע אַז דו ביזט מיד,
און פאַרשמאַכט דיין גומען.
איך, ווי דו, בין מיד און — קאָן
צו קיין קוואַל ניט קומען.

הויך, אַרויף דאָרט, אינם ליכט
שטייט דער ברונים אָפן.
וואַשט די זון איר שיין געזיכט,
איידער זי גייט שלאָפן.

פונם באַרג אַראָפּ אַהער
קאַלטע שאָטנס פאַלן
און דורך — אַ צופינקלט רויט —
שטאַרבנדיקע שטראַלן.

ווערט, איך וואָלט דיך ווי אַ שאָף
אויף מיין האַנט גענומען,
און געטראָגן באַרג־אַרויף
צו דעם גאָלדענעם ברונים.

# שפּיל

דאָס קליינוואַרג — זייער חן און וואַקסן —
אַ וואַרימקייט פון זון צעווייט
פון זייערע קליינע העלע אַקסלען,
פון זייער דורכזיכטיקער פרייד.

און זייער טוליען זיך, פאַרטרויען,
ווי קוואַליק־פריש דאָס האַרץ דיינס קוועלט.
ביזטו נישט גרייט פאַר זיי צו בויען
דעם שענסטן פּאַלאַץ אין דער וועלט?

דו זעצסט זיך צו ביים קינדער־טישל,
און שפּילסט זיך — זייער שפּיל איז קלוג —
און עסט פון זייער ברויט אַ קרישל,
און טרינקסט פון זייער וואַסער־קרוג.

און — ביזט אַן אָרימאַן, געקומען
פון זייער ווייט און — מיד פון נויט.
און זיי האָבן דיך אויפגענומען,
און זייער טיש פאַר דיר געגרייט.

און נאָכן עסן טוסטו בענטשן,
און נעמסט אין האַנט אריין דיין שטאָק.
און זאָגסט: אַ דאַנק אייך, ליבע מענטשן,
אַ דאַנק אייך און אַ גוטן טאָג.

# גורל

וואָס דו האָסט פרום און יונג געהאַפּט,
און איך — אין הייסן אומגעדולד געוואַרט —
אַזאַ העלן וועג איבער דער וועלט,
נאָך יונג, ניט אַלט,
נאָר באַגריסן זיך
מיט שמייכלענדיקע אויגן
מיט די וואָס האָבן די ווערט געהאַט ביי גאָט
זיין אַ תושב אין אַ דאָרף, אַ שטאָט,
פירן קינדער אויף פרימאָרגנדיקער זון,
און — האָבן שטענדיק וואָס צו טון,
און רו צו רו'ן.

נו, האָט פאַר אונז קיין האַנט נישט אָנגעגרייט
נישט קיין פּאָדים פון אַ קלייד,
נישט קיין נעכטיק שטיקל ברויט. —
די ירושה — נאָר אַ שבת-לייכטערל
מיט אַ שטיקל ליכט פון טויט.
עס דערמאָנט:
אַ טונקל אַלקירל,
אַ זיידעלע מיט אַ ווייסן קאָפּ,
אַ שפּיגל מיט אַ לייכלאַך איבערן קאָפּ.
און די ווענט זיינען פאַרפלעקט,
די פענסטער פאַרפראָרן-טויב.
און אונזערע הענט —
דערשראָקענע,
קאָנען קיינזאַך פעסט ניט אָננעמען,
קאָנען גאָרנישט פאַר זיך אויפבויען.
ניט קיין אָפּדאַך איבערן קאָפּ
ניט קיין ווינקעלע זיך אָפּצורוען.

ניין.
די גוטע שעה פון אָוונט וועט אונז שוין נישט פירן
מיט איר שוועסטערדיקער האַנט צו אַ היימישער שוועל.
אונזער בייזער מזל וועט אונז פאַרלירן
ווי דער הערבסט זיין וועלקנדיק געל
אין בלינדע פוילע רעגנס,
און אין הוילן ווינט,
ביז צום ווינטערס ווייסער שוועל.

# אַנדרענק

ביזט אזוי שיין געווען.
ביזט אזוי נאָנט לעבן מיר געוואקסן,
ווי א בוים לעבן א בוים.

איך בין אוועקגעגאנגען פון דיר.
פון דיינע גרעניצן.
פון דיינע לענדער.

אינערגעץ האָט מיך נישט
קיין טיר גערופן.
קיין שוועל.
קיין ליכט.

א ליכט האָט אין מיר געזונגען,
ווען כהאָב דיך שטום גערופן
פון מיינע דערמאָנונגען.

כוועל דיך קיינמאָל, קיינמאָל
שוין ניט באגעגענען מער
אויף די ברעגן פון מיין ערד.

כוועל דיך באגעגענען,
וועל דיך באגעגענען
ביים ברעג פון א לויטערן הימל.

שיין ווּעסטו זיין —
ביזט אזוי שיין געווען.

נאָנט ווּעסטו זיין —
ביזט אזוי נאָנט לעבן מיר געוואקסן,
ווי א בוים לעבן א בוים.

# מיין ערד

און קאָרעץ די שטאָט
איז נאָך מיינע — אין זינען —
מיין וועלט און מיין וועג
אין א גאָלדנעם באַגינען.

און טראַכט איך פון גרין,
איז דאָס אויף אירע בייטן.
און טראַכט איך פון שניי
איז דאָס אויף אירע פלויטן.

כבין טויזנטער וועגן
און שטעגן געגאַנגען
און — געדענק נאָר איר ליכט
פון די זונענפאַרגאַנגען.

וואָס סהאָט יענע ערד
מיר פאַרטרויט און געגעבן,
מיט דעם וועל איך לעבן,
מיט דעם וועל איך לעבן.

איר ליכט און איר בלוט —
טונקל־טרויעריקע פאַרבן,
מיט דעם וועל איך שטאַרבן,
מיט דעם וועל איך שטאַרבן.

כוועל שטאַרבן און זי
וועט זיך איבער מיר בויגן
מיט מאַמעשע הענט,
מיט מאַמעשע אויגן.

## און הינטער מיר...

און הינטער מיר ליגן
שוין דורות בית עולם.
אַן אייביקייט טויט
און אַן אייביקייט שווייגן.
און, אַט גיב איך אויך
אַ קערווע מיין פּנים
פון יענער זייט לעבן,
און כשטיי מיט די הענט
און פאַרשטאַרטע אויגן —
אַ נאַקעטער בוים
מיט פאַרלאַשענע צווייגן.

און סקומען די עטלאַכע
מענטשן מיך נעמען.
זיי הויבן מיך אויף
פון דער ערד, ווי אַ שטיין,
פון ערגעץ און נאַכט
דאָ ארונטערגעפאַלן.
זיי טראָגן מיך אָפּ
אויפן פעלד פון די גריבער,
און לאָזן מיך שטיל
אין דער פינסטער אַרונטער.
און דעקן מיך איבער
און דעקן מיך איבער.

איך ליג מיטן פּנים
צו אייביקן חושך,
צו דורות פון חושך.

איך הער שוין ניט מער
אין די פריע פרימאָרגנס
אין אָנהויב פוןווינטער
דאָס בילן פון הינט
אין מיין היים,
אין מיין דערפל.

עס קלאַפּט מיר נישט אָן
אין פאַרפרוירענעם פענסטער
מיין שכן: גוט־מאָרגן,

איך הער שוין ניט מער
דעם שאָרך פון די שאָרן
מיט קראָען אויף דעכער.

מיר איז שוין ניט אומעטיק
מיט מיין איינזאַמקייט זיצן
און רעדן פון עלנט.

די שרעקן פאַר מאָרגן
אַביסל באַרואיקט.

מיר רעדן פון טויט,
ווי פון איינעם, אַ פריינט,
וואָס קומט דאָ צוגאַסט
פון איין יובל צום צווייטן.

# שפּעט

אַט גיי איך אוועק,
און איך קוק זיך נישט אום.
סווערט ווינטער שוין באַלד,
וועט עס ווינטער שוין זיין.
איך ווער גרוי,
איך ווער אַלט,
וועל איך שווייגנדיק זיין.

און אַזוי,
אפשר היינט,
אפשר מאָרגן,
פאַר מיר
וועט פּלוצלונג זיך ווייזן
דער טויט ביי אַ גרוב,
ביים צוגראָבענעם ליים
מיטן רידל אין האַנט.
וועל איך שטיין־בלייבן: שוין?

שוין דערגאַנגען אהער?

און —
מיין הארץ איז ניט שווער.

און —
איך קוק אריין
אין דער אָפענער ערד:

אַ טונקעלע בעט.

און איך טו אים אַ פרעג,
דעם וואָס זיצט אויף דער ערד:
ווי שפּעט?

און ער הויבט אויף דעם קאָפּ —

האַלבע בוימער אין זון.

צווייגן שווייגן אין גאָלד.

און ער ווייזט מיטן האַנט
אָן־אַ־זייט פונדערווייט:

אין וואַלד דאָרטן
שטעלן די בוימער זיך רוען.

# לעבן

די זומערן שפּילן אין זונען,
און טראָגן אין גרינעם געדיכטן שאָטן
די גאָרטנס און וועלדער.

און אין מיר — זיינען פינסטער די שעה'ן,
דער טויט רעדט צו מיר
אין אַלט־אידיישן ניגון,
און לערנט מיר
תורה און טראַכטן.

נאָר איך בין מקנא די
וואָס זיינען געבליבן אין דערפער.
וואָס גליען זייערע שטאַרקע פּנימער
אין פייעריקן שטאָל פון פראָסט
ביים אויפברעכן ברונימס מיט העק.

אָ שיינע גאָלדרויטלאַכע רויכלאַך
אַנטקעגן די ווינטעריקע הימלען,
איר זינגט מיר נאָך היינט פאַר די אויגן
ווי לויבן אין בלויען פרימאָרגן.

אייער ווידער מיר קומען אין זינען
הויבט העכער מיר אויף מיינע אַקסל,
און שטאַרקט מיך מיט יונגקייט.
און אויך דער איצטיקער טאָג בלייבט מיר שטיין —
אַ הויכער, אַ ברייטער, אַ שטאָלצער
אויף פיר שטאָלענע לייביקע זיילן,
דאָס פּנים פאַרשאַרפט אין די הויכן
אַנטקעגן דעם זון־גאָט.

אָ, לעבן, שטום־ערדישע פרוכט,
כהאָב דיך זיבן טויזנט מאָל פאַרזוכט
מיט די ציין, מיט די ליפּן,
מיט די הענט, מיט די אויגן,
מיט אַלע מיינע חושים און גלידער
און — וויל דיך פאַרזוכן ווידער
און עסן און זאַט־ווערן אַ רגע
און — ווידער זיך אויפכאַפּן יונג
און — זומערן שפּילן ווידער אין זונען,
און טראָגן אין גרינעם געדיכטן שאָטן
די גאָרטנס און וועלדער.

# זע איך

טרינקט־דערטרינקט מיך דאָ די טריקעניש.
קומט די זאַמדיקע וויסטע גרויקייט
ביזן האַלז — מיך צו דערשטיקן.
ווייס איך דען ניט — אַלע בריקן
זיינען שוין פאַרברענט צום נעכטן.
און דער שווערער ליידיקער עלנט
האָט מיך דאָ אַהער פאַרבלאָזן —
אומקריכן אין טויטן גליווער.
קוקן אויף די טעמפּע ישטיבער.
נאָכקריכן אונטערן רוקן
פון ניו־יאָרק — אַ בלודנער שאָטן.
וואָס און ווער בין איך? פונוואַנען?
קוים וואָס כקאָן זיך נאָך דערמאָנען.

נאָר אַמאָל, און אומגעריכט,
עפענען זיך מיר מיינע אויגן.
און איך טו אַ קוק אַרום זיך,
און דערזע זיי אַלע ווידער.
מנחה־צייט אין קלויז, אין טונקל,
שטייט מיין ברודער אין אַ ווינקל
און ער וויגט זיך, וויגט זיך.
און מיין שוועסטערקינד אברהם
בייגט זיך איבערן משניות.
גיי איך צו אים צו און פרעג אים:
וואָס־זשע הערט זיך עפּעס נייעס?
ווייזט ער מיר אויפן משניות.
און איך זע — אין זיינע אויגן
הערבסט און — ווי די דאַרע צווייגן
פון אַ בוים — די אָדערן־רערן
אויף זיין אויסגעמידטן שטערן.
און די הענט — הינטער די הויטן —
שוואַרצע בייטשן, שוואַרצע נויטן.
לעבעדיקע פיין־סימנים
פון נאָך־נישט־געשטאָרבענע טויטן.

## ווידויים

און אויף מיין פּנים
איז פאַרשעמטקייט פאַרצייכנט,
אַזויווי אַ זינד.

איך טראָג מיין נשמה
מיין נפש צו פילן,
מיין הויט און געביין.

נאָר געדאַרפט וואָלט איך
פון מיין ליד ווי פון אַ מקלט אַנטלויפן.
און טראָגן מיין קאָפּ
צום ניצחון פון רשע
וואו דאָס געפּייניקטע בלוט פון אַנדערע
האָט מיך תמיד גערופן.
נאָר איך האָב זיך באַהאַלטן,
און האָב מיין געווינסן געשמיסן
מיט רייד און געוויין.
און בין דאָ געבליבן
אַ טרעגער פון בלונדע יסורים
אויפן מאַרק פון דער וועלט.
און לעב אין מיין נישטיקער איבעריקייט
אין גרויער נערוואַנע, ווי אין שטיין,
און טרייסט זיך: כבין קליין,
און מיין שפּייז איז אַ ברעקל
וואָס פאַלט פון דער אָרימקייט אָפּ.
און טראָג אויף זיך דעם ווייטיק פון לעבן —
פון דערנער אַ קרוין
אויף מיין שפּלן קאָפּ.
און וואַרט נאָר אויף טויט,
און וואַרט נאָר אויף טויט.
איך וואַרט נאָר אויף טויט,
ווי אַ הונגעריק קינד אויף ברויט.

איך קוק דורכן פענסטער און זע —
עס ווערט שוין פאַרנאַכט אויפן שניי.
און טרויעריק־היימלאַכער שיין
פון אַ קלייטל ניט ווייט,
פון אַן אָפּגעשנייט הויז.
און — ווידער איז גרינגער מיר,
גרינגער מיר דאָ שוין צו זיין.

# אין גרויקייט פון פאַרטאָג

מיין האַנט איז דין און קליין
דאָ פאַרן טאָג פון אַרבעט.
אין אָוונט ברעכט זי איין,
און פאַלט אַרונטער מיד.
און אין דער שעה פון נויט
ציט אין געבעט איר רוף
הילפלאָז דורך דער שויב
אין שוואַרצער נאַכטיקער וועלט.

דאָ, אין דער ענגער וואַנט,
האָסטו מיך איינגעשפּאַרט
מיט טרויערן פון טויט.

דו האָסט אַן אַנדער לאַנד,
דו האָסט אַן אַנדער ערד, —
איר גרעניץ זע איך גרוי
אין שלאָפלאָזן פאַרטאָג.

אַ דינער, שטילער רוף
רופט מיך פון לאַנג אַהין.
רופט מיך שוין לאַנג אַהין.

סאיז דאָרט אַ דאָרף אַזאַ,
און יעדער שטוב איז קליין,
און יעדער בוים איז אַלט.

און דו — —

וואָס דו האָסט קליין
און יונג מיין שטוב פאַרלאָזט
אין יענעם פרי־פאַרטאָג,
ווען סהאָט דער ערשטער פראָסט
אויף אונזער שויב געהויכט,
און טאָג האָט אויפגעבלייכט —

דו — שלאָפסט דאָרט שפּעט, שפּעט
אונטער אַן אַלטן דאַך,
אונטער אַ טונקעלן דאַך.

אז איך וועל אָנקומען
אהיין אין אַ פרײ־פאַרטאָג,
און שטיין לעבן דיין בעט, —

וועט זיין ידיין קאָפּ נאָך שוואַרץ,
ווּעסטו נאָך זיין אַ קינד.
און שלאָפן בלייך און גרינג,
און אָטעמען שטיל־שטיל,
ווי אַמאָל אונטער מיין דאַך,
אונטער מיין ליכטיקן דאַך.

כוועל איינהאַלטן דיין טריט
און איינקוקן זיך נאָר
אין טונקל פון פאַרטאָג
אַרום, איבער די ווענט,
און דאַכטן וועט זיך מיר
אין טונקל פון פאַרטאָג —

מיין מאַמעס אָרעם הויז,
און דאָ, הינטער אַ טיר,
אין אַלקיר, שמאָל און ענג, —
אַן אַלט הילצערן בעט.
שלאָפט זי נאָך אויך אַצינד
אין גרויקייט איינגעדעקט

און נאָך זע איך —
ביים וואַנט,
אין גרויקייט פון פאַרטאָג,
אַן אַלטע סאָפע שטייט.

און — כטרעט פאַמעלאך צו,
און לייג זיך דאָרט אַוועק,
די האַנט אונטערן קאָפּ,
און דרימל אויכעט איין
אין גרויקייט פון פאַרטאָג.

# ליכטיקייט

דער הערבסטווינט טרייבט די פייגל.
דער הערבסטווינט שלאָגט די בוימער
דער הערבסטווינט שרעקט די טייכן.
נאָר איך געדענק אַ דאָרף אַ קליינעם,
די פוילע רעגנס האָבן געגאָסן,
און שוואַרץ געמאַכט די שטרויענע דעכער.
אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן
זיינען געשטאַנען די סעדער און גערטנער
און — פּלוצלונג איז אַן אינדערפרי געקומען
מיט אַזאַ נייעם בלויען הימל
אין אַזאַ קלאָרקייט אויסגעלייטערט.
און כאָטש דער זומער איז שוין געווען
אַ פייגל מיט אויסגעפליקטע פעדערן,
איז די זון אַרויס איבערן דאָרף —
אַ קעניגן אין גינגאָלדענעם זיידנס
און פון הינטער דעכער פון די שטאַלן
האָבן זיך אַרויסגעלאָזט די פייגל
און אויף די בוימערצווייגן צושטעלט
ווי אויף די חורבהס נאָך אַ שרפה.
און סהאָט אויסגעזען ווי אַט־דער טאָג,
איז געקומען זיך מיט זיי געזעגענען.
האָט דורך די וואָלקנס דורכגעשפּאַרט זיך,
זיך דורך די רעגנס דורכגעריסן,
און איז אַריבער דער הערבסטיקן גרעניץ.
סהאָבן נאָך קיינמאָל ניט די קליינע פענסטער
פון די שטיבער אַזוי אַרויסגעלויכטן.
סהאָט קיינמאָל נאָך ניט דער שטילער טרויער
אויף דיביימער אַזוי טיף געשמייכלט.
אַ קינדערשער האָט ער געשמייכלט
פון די טיף־טיפענישן זיינע
אין אַלע ווייטענישן פון דער וועלט.

# שאַנד

ביי די מענטשן בעטלען,
און ביי גאָט — געבעט.
נאָכן פּיין פון בעטלען
בעט איך מיין געבעט.

א פאַרשעמטער בין איך
פונם מאַרק אראָפּ.
א פאַרשעמטער האַלט איך
קאָפּ און האַנט אראָפּ.

טו אָפּ פון מיין לעבן,
פון מיין שטיקל ברויט,
דעם באַצווינגערס רשעות
ווי א קרעציקע הויט.

נאָר דו האָסט געשטראָפט מיך,
און — אונטער זיין רוט
מוז איך קומען, זאָג איך:
אויך אזוי איז גוט.

נאָר אז איך טו אָפּגיין
פון אונטער זיין האַנט
וואַש מיך אָפּ פון בושה,
רייניק מיך פון שאַנד.

און דער דאַרער ביסן
ביי מיין קינד אין האַנט,
זאָל מיין אויג ניט בריען
מיטן גיפט פון שאַנד.

# אויפן ווינט

די ווידעס זיינען שוין געשטאָרבן,
די טאַטעס זיינען טויטלאַך־אַלט.
פון זייער טויט און זייער לעבן
בין איך אַן אומעטיק געשטאַלט.

איך שטיי ביי זייער טויטן גרעניץ,
און זע פאַר זיך נישט קיין פאָרויס.
לעב מיט דערמאָנונגען מיט יונגע
פון אַ פאַרעלטערט פאָטערהויז.

איז יעדער גרויער שטומער צייכן
פאַר מיר אַן אָפן לעבעדיק אויג —
אַ בלעטל אויפן ווינט וואָס ציטערט
איבער אַ הוילן קאַלטן צווייג.

אויף אַלט־ניו־יאָרקער הינטערגאַסן
טוט אָפט מיר פאַרן אויג אַ בלענד
אַ שטיקל ווייט און היימלאַך קאָרעץ
מיט קליינע פענסטער, קרומע ווענט.

אַ הויפל מיט אַן אַלטן פלויטל,
אַ טירל — הענגט אַראָפּ ביים זייט.
דאָ איז נאָך אויך געבליבן לעבן
אַ שטיקל ווייטע אַלטע צייט.

און אינעווייניק — מוז דאָך אויבעט
געפינען זיך אַ מענטש ווי איך,
וואָס האָט אין ערגעץ נישט קיין אָנהאַלט,
און — האַלט זיך קוים נאָך אָן אָן־זיך.

# אַ גריל

ברענג מיך נישט צו קיין מדרגות,
צו נסיונות ברענג מיך יאָ.
נעם מיין לעבן, ברעך עס, בייג עס,
איך בין תמיד פאַר דיר דאָ.

ליידן האָבן מיך געבעסערט
און עניוותדיק געמאַכט.
און דיין גרויסקייט — נאָך פאַרגרעסערט.
מיך — צו דיינע טריט געבראַכט.

איינער פון די טויזנט פּראָסטע
קליינע מענטשן אויף דער וועלט.
אָן השגות — אָפּגעלאָזטע
ווינטן אויף אַ וויסטן פעלד.

בעט פאַר קיינזאַך ניט קיין לוינען.
און מיין לייד — לייד איך פאַר זיך.
מיינע הייליקע — אָן קרוינען,
און מיט אויסגעקרימטע שיך.

און אין רעגן — פרעמדע פענסטער,
ווינקט פון דאָרט אַ לאָמפּנשיין.
איז נישטאָ דער מענטש דער קלענסטער,
מאַך־זשע מיך איך זאָל עס זיין.

אַ פאַררוקטע אין די שפּאַלטן
ליג איך ווי אַ גרויע גריל.
און צום אָוונט, ווי באַהאַלטן
גריל איך תהילים אינדערשטיל.

# אַ ליד

בין איך אַ פּאַטער, אַ פּאַסטוך,
האָב איך צוויי קינדערשע שאָף.
און אויף מיין פעלד — זייער פּאַשע, —
שפּראַצן די גראָזן קוים אויף.

הויך איז די זון גאָר אַ גרויסע,
און רעגנס געווען זיינען שטאַרק,
אַזש סהאָבן געגאָסן זיך וואַסערלאַך
לאַנג־לאַנג פון די אַקסל פון באַרג.

און מיינע גראָזן — געבליבן
קליין־מאָגער, ווי נעכטן אויך היינט.
און אומעטיק האָבן די טראָפּנס
פון זון איבער זיי היינט געשיינט.

נאָר — כטראַכט ניט קיין רגע אפילו
פון פעלדער צושפּרייט אין דער ווייט.
מיט מיינע שאָף די צוויי קליינע,
גיי איך מיר שטיל אָן־אַ־זייט.

אַלע דריי פירט אונז איין מזל,
פירט מיט זיין ציטריקער האַנט.
גייען מיר נאָך זיינע וועגן,
גייען מיר — פיר זאַלבאַנאַנד.

גורל, אויב דו וועסט אונז פירן
פאַרביי אַ צולויכטענעם פעלד —
די גראָזן — צעוואַקסענע, הויכע
אין זונליכט צושטראַלט און צוהעלט,

וועלן מיר אונזערע אויגן
האַלטן אַרונטער צו דר'ערד.
גורל, ניט בלאַנק אונז אין פּנים
פון קנאה די בליציקע שווערד.

# נאָר —

בין דערוווייטערט פון מענטשן
אזויווי פון פרעמדע ישובים.
דעם סוד פון דער ערד אָבער שפיר איך,
און דאָס הארץ פון אַ מענטש איז מיר נאָנט.

ניט די שטאָט פירט צום וועג פון מיין וואונדער.
ניט די קלוגשאַפט פון ספרים — צו קלאָרקייט.
אזויווי אַ דאָרף צו אַ טייכברעג,
איז מיר נאָנט די פשוטקייט פון מענטשן.

נאָר סיווויסיי, פיר מיך און ברענג מיך
אומעטום וואו אַ מענטש בויט אַ שטיבל,
אומעטום וואו אַ וואַנט האָט אַ פענסטער,
און אַ טיר און — עס לויפן דאָרט קינדער.

אומעטום וואו אין אַלט־אַלטע שייערן
האַלט אַ מענטש דאָרט זיין ברויט פאַרן ווינטער,
פאַר זיך, פאַר זיין פערד און בהמה —
אָ די אייביק ניט פאַרענדערטע נייקייט

וואָס דערפרישט ווי דאָס אויג פון אַ וואסער
מיין לעבן אין אייביקן דורשטן.
וואָס איז נײַ ווי די פרייקייט פון הימל,
ווי נאָנטקייט פון אַ שוועל ביי דער היימטיר.

נאָר —

כבין אליין ווי אַ קוואַלוואסער אומרו,
וואָס יאָגט מיט אַ דאָרשט און אַ הונגער
דורך די פיס פון די אָפענע טאָלן,
און איבער די פלייצעס פון בערג
צו טרינקען דאָס וואסער פון ימען.

# בענטשונג

נאָר אין טרויער ווערן ווערטער
גאַנץ ווי געבעט.
שטומע ווענט און — וועלט איז אָפן
און מיין לעבן רעדט:

אַלע פיינען אויפגעבונדן,
אָפגעדעקט פאַר מיר.
אויב די קללה פון די שונאים
צאַרנט ביי מיין טיר,

און עס קומט צו מיר ניט קיינער,
און מען ווייכט מיך אויס,
דו — דער איינציקער וואָס קומט נאָך
ליכטיק אין מיין הויז.

דו מיט טרייסט און איך — א גרויער
אָרימאַן אָט־דאָ.
איינמאָל נאָר אין גרוי פון וואָכן
וואַרט איך אָפּ דיין שעה.

און איך זע דיך קומען, קומען
מיט דיין ליכט, פאַרנאַכט.
פון די טיפע מערב־הימלען
דאָ אונטער מיין דאַך.

פייערלאַכער אָוונט־יומטוב
בליט אויף מיינע ווענט.
און מיין קאָפּ נעמט פרום זיך בייגן
אונטער דיינע הענט.

און די בענטשסט מיך, רופסט מיין נאָמען
שטיל און שטילערהייט.
און איך טוליע איין מיין פנים
אין דיין גאָלדן קלייד.

# וואויל איז דעם

גאָט, דיין וועלט איז ברייט און גרויס,
גוט אין איר צו וואוינען.
ווער עס שטעלט דאָ אויף א הויז,
האָט ער וואו צו וואוינען.

צוגעזאָגטע זיבעציק יאָר,
און נאָך אפשר מערער.
קלוגע אַלטקייט לערנט קלאָר,
לויטערער און קלערער.

וואויל איז דעם וואָס האָט דערקענט
אין זיין מי א זינען.
איז געבענטשט — מיט זיינע הענט
ערד און גאָט צו דינען.

און האָט ערלאך ליב געהאט
מיט זיין לייב און לעבן,
ווי דער בוים זיין פרוכט און בלאט —
זיך דער וועלט אָפגעבן.

אַלץ וואָס שאָטנט אונטער ליכט
קומט אים ניי אנטקעגן,
און דערפרישט אים און באַרירט
ווי דעם גראז — דער רעגן.

און די בענטשונג נידערט, פאַלט, —
זון אויף יונגע בייטן.
אַלץ וואָס הויבט אָן ווערן אַלט,
טוט זיין לויב באַלייטן.

# מיינע בלעטלאַך

אַ, טאָג פון לעצטן ווידוי, —
ווי אזוי, ווי אזוי וועל איך דיך,
דו קלאָרסטער פריינט, דערקענען.
וועסט קומען צו מיר פרי
מיט זון אויף שוועל און פענסטער
און איך וועל צו דיר ריידן.

אַ, מיינע מאָגערע מעשׂים
דאָ אינם לאַנד פון די אָרימע.
א בעטלער אָן אַ טאָרבע,
א בעטלער און אָן א וועגן.
אַלע גרעניצן — וויסטע.

און מיין לאַנד —
קליינע בערגלאַך.
דאָרט שלאָפן אַלטע און קינדער.
איך טראג אהין מיין שטומקייט
צו דער וואַנט פון א שטיין.

די גוטסקייט פון מיין האַנט —
א שטיל און טרויריק גלעטן
אָן איינגעשלאָפענעם קאָפּ
איבער א טויטן קישן.

און אָט־די אַלע טעג
מיט זומער, רעגן, גראָזן,
רעגנבויגנס אין הימלען —
זיי גייען מיר נאָך ביים זייט
ווי פרעמדע לייט
אין דורכגאַנג פון דער גאַס.

און טיף, און טיף אין זיך
א מיד שטום שוויַיגן בלויז.
נאָר אָט די ווערטער, לידער,
איך וואַרף זיי אָפּ
איבער מיין הערבסטיקער ערד,
צו די ווינטן אין די הענט.
אין זייערע וויסטע הענט.

# וועלט

איך בין אַ קעניג אין אַ בעטלער,
און איך האָב ליב מיין בעטלער־קלייד.
איך הער די וואונדערלאַכסטע קלאַנגען
אין פּראָסטע און אין פּשוטע רייד.

דאָס רייכסטע צירונג פון אַלע לידער —
דער טאָג ביי דעם שטאַכעטן־פּלויט
וועבט אויס פון גאָלד זיין אָרנאַמענטיק;
און — אין מאַרק דעם ריח פון פרישן ברויט.

די קאַץ ביים פריזבע דרימלט, זשמורעט,
דאָס פערד — לעבן הויז, ביים האָבער־זאַק.
אַ קינד אַן אָרעמס ביי אַ פענסטער
פאַרשטעלט אין טאַטנס אַלטן פראַק.

דער טאַטע איז אוועקגעגאַנגען
ווי אַלע טאַטעס — אויפן מאַרק.
אין מאַרק ליגט אַ באַהאַלטענער אוצר
ווי אין דער פינסטער פון אַ באַרג.

וועט ווער דעם אוצר אויסגעפינען,
וועט ער קומען פרי אַהיים פאַרנאַכט,
און אַלע וועלן זיך דאָרט סודען
פון דעם וואָס טאַטע האָט געבראַכט.

דער טיש פאַרשפּרייט, אַ ברויט אַ פרישן
און — אַלע שטילע אַרום טיש.
און זיס־געשמאַק איז איטלאַך ביסן
און סוואַסער איז ווי צוקער זיס.

אַ קרוין פון גאָלד — דער דאַך דער אַלטער
איבערן שטוב איז אָנגעטון.
און אין דער קרוין — רובינען ברענען
אין דער פאַרגייענדיקער זון.

# מיטן קינד

אַז אַ קראַנק קינד שטאַרבט
איז דאָס שטאַרבנדיק נאָך אויך קראַנק.
און אַז דער טויט שלעפּערט עס איין,
האַלט זיך עס אָן ביי זיינע הענט.
ווייל דער טויט איז אַ גוטער צום קינד,
און ער היילט עס מיט רפואהס פון רו.

און ווען מען נעמט דאָס קינד צו,
און מען לייגט עס אין אָרון אריין,
האַלט אונטער דער טויט זיינע הענט
ווען דאָס דעקל מאַכט זיך צו
עס זאָל נישט געבן קיין שטאַרקן קלאַפּ
און נישט צוברעכן דעם קינדס רו.

און אַז מען טראָגט דאָס קינד אַרויס,
גייט דער טויט פאַר אַלע — פאָרויס.
און כאָטש קיינער זעט אים נישט,
איז ער לעבן איטלאַכן דאָ.
און כאָטש קיינער הערט אים נישט
ווײנט ער מיט אין איטלאַכנס געוויין.

און ווען מען מאַכט דעם וואָגן צו,
בלייבט ער אינווייניק זיצן לעבן קינד.
ער זיצט ביים צוקאָפּנס און שווייגט,
צוגעטוליעט דאָס קעסטל צו זיך.
און ווען די רעדער רודערן אויפן ברוק,
טוליעט ער דאָס קעסטל צו זיך,
עס זאָל זיך נישט צוברעכן דעם קינדס רו.

און ווען אַלע גייען שוין אַהיים,
בלייבט דער טויט מיטן קינד אַליין.
ער זיצט ווי אַ מאַמע ביי אַ וויג
און וויגט עס אַהער און אַהין.
און דרימלט איין אויפן בערגל ערד.
און וועקט זיך ערשט אויף פאַרנאַכט,
ווען די זון גייט פון בית עולם אַוועק.

# קריכנדיקע

דער רייכער מיט זיין גאָלד,
דער אָרימער — מיט זיין מי.
מיר בלייבט צוויי ברעגן וועלט —
אָוונט און אינדערפרי.

פרימאָרגן לויף איך דורך
די גאַס — דאָס פריע ליכט
איז נאָך אַ זיידוואָרים
איבער דער ערד וואָס קריכט.

ווען סהויבט דער טאָג זיך אויף
אויף פליגל הויך און ברייט
צעוואַרפט די בונטקייטן
פון וואַרימקייט און פרייד,

בין איך שוין גרוי און שטום
אונטער פאַרגרויטע ווענט
און זע נאָר אומקריכן
מיינע צוויי אייגענע הענט.

פאַרנאַכט גיי איך אַהיים,
די גאַס — דאָס שפּעטער ליכט —
אַצוטראַטענער זיידוואָרים
איבער דער ערד — צוקריכט.

די פליגל פונם טאָג
בלוי־גרוי אַראָפּגעלאָזט.
און איבערן שטויב פון גאַס
אַ בלינדער אָטעם בלאָזט.

# איך

און דאָס וואָרט דערמאָנט און מאָנט,
מאָנט — זיך צו דערמאָנען.
לידער מיינע — חברהלייט,
כהויב זיי אָן דערקאָנען.

אַלע מיינע נאָענטסטע,
און חברים מיינע —
ביימלאַך־שאָטנס פרי־פאַרנאַכט,
פעלדער פון אוקריינע.

איבער מיילן רונד די ערד,
און — אויף צוויי צושניטן —
איין העלפט — שאָטן, איינע — זון
און איך — בין אינמיטן.

שטילקייט קלינגט אין דינעם גאָלד
שפּילט און זינגט אין אויער.
האָט די גרויסע וועלט אַ האַרץ?
יאָ, איר האַרץ איז טרויער.

גיי אַוועק איבער דער ערד,
אַלע ווייטן — פרייע.
יעדער אָוונט אויפן פעלד —
אַ ליכטיקע לויה.

הער זיך איין: שטיל־שטילע טריט
איבער אַלע ווייטן.
טריט געמאָסטענע פון פערד —
ישטומע רייטער רייטן.

# נעכטן

און ישיין אזוי דער טאָג דער נייער,
דער אַלטער איז אויך שיין געווען.
איך האָב נאָך זיינע ווייסע אַלטע,
די זיידעס, דאָ ניט לאַנג געזען.

און אויך זיין גאָטסהויף אין א געסל,
וואו סהערט זיך ניט פון מארק דער רעש.
דריי שולאכלאך און א בית־מדרש
און דריי פיר שטיבלאך — גאָר די גאַס.

איין לאָמפּ פלעגט ברענען אין בית מדרש
די טעג פון וואָך ביז שפּעט ביינאכט.
און בחורים האָבן דאָרט געלערנט
און אָרימעלייט האָבן אויך געוואכט,

זיך צוגעהערט צו זייער ניגון
און איינגעדרימלט ביים ראַנד פון טיש
מיט ישווערע היטלען איבער די שטערנס,
מיט שווערע שטיוול אויף די פיס.

און כהאָב נאָך אויך פארכאַפּט צו זען
די מלכה שבת אין איר שיינער פרייד,
אזויווי א יונגע כלה־טאָכטער
אין זיידנס פון איר חופּה־קלייד.

סאיז יענער טאָג שוין לאַנג פארגאַנגען,
נאָר — איך האָב אים געזען פארגיין.
אין זיינע לעצטע טרויער־פארבן
אין לעצטן כישוף פון זיין חן.

# פאַר אַלע

פאַר מיר און פאַר דיר
גיט די ערד אָפּ איר ברויט.
און דערלאַנגט אונז איר פרוכט
אין אַ גאָלדענער הויט.

און מיין פּנים און דיינס
פאַר דער זון — ווערן שיין.
האָף: דער הערלאַכסטער טאָג
וועט נאָך קומען צוגיין.

מיר אַלע — אין וויי,
און אין אנגסטיקער נויט, —
ביי דער חרובסטער וואַנט,
ביי דעם אָרימסטן ברויט.

מיר האָבן זיך אַלע
געגרייט און געריכט,
און אין איטלאַכנס אויג
בליט אַ פונק פון זיין ליכט.

און איטלאַכנס האַנט
שטרעקט זיך אויס אַזוי דרייסט.
און אויף איטלאַכנס מויל
דינער שמייכל פון טרייסט.

אַזויווי מען וואָלט אונז
שוין אַלע פאַרטרויט,
ביי דער טונקלסטער וואַנט,
און ביים אָרימסטן ברויט,

אַז דער הערלאַכסטער טאָג
קומט שוין אָן, קומט שוין אָן,
מיט זיין ליכטיקן קלייד,
מיט זיין ליכטיקער פאָן.

## צו...

גוטע שעה, דיין שיינקייט
מאכט מיך אייביק שיין.
אויף מיין גרויען אומעט
שפילט דיין יונגער חן.

טו איך זיך דערמאָנען
יענע גאַס, דאָס הויז.
סהאָט די גאַס אַ נאָמען,
ניין, איך זאָג ניט אויס.

סהאָט דאָס הויז אַ נומער
און סימנים — צוויי.
מיר נאָרביידע ווייסן
און געדענקען זיי.

סהאָט די גאַס אַ חלום
וועגן מיר און דיר.
פריִע זון אין זומער
שפילט אים ביי דער טיר.

וואַסערלאַך — נאָכן רעגן
ביי די טרעפּ — נאָך היינט.
כגיי פאַרביי און גריס זיי,
מיינע אַלטע פריינט.

כהאָב ליב אָנצורירן
סבריקל מיטן האַנט.
קיינער זעט ניט — גלעט איך
פונם הויז די וואַנט.

# צו...

איך האָב נאָר איינמאָל אַנגערירט דיין לייב,
און אייביק וועט מיר זיין דערפון ישוין גוט,
פון קינדווייז לויכט־מיר־נאָך א ליד פון לויב,
פון דיר — גענאָד און זוניקייט אין בלוט.

איצט גייט מיר ווי א לינדער טרויער נאָך
דער וואונדער פון דיין אויפגיין אין מיין וועלט.
סאיז אפשר דאָ נאָך עפּעס אין דער וואָך,
וואָס וועט דאָ ברענגען יומטוב אויף דער וועלט.

נאָר מיר איז שוין דאָ אָפּגעגעבן די מינוט
פון זיסער זעטיקייט ווי דאָס געבענטשטע ברויט.
און אונטער אַלע מיינע אומרו־פיינען — רוט
מיין קאָפּ אין דרימל אויפן אַקסל פונם טויט.

ער איז מיט מיר אַוועקגעגאַנגען פונם וועג,
הינטער א וואַלד פון שטילקייט מיך געבראַכט.
און מילדע, גוטע, גוטמוטיקע קומען טעג,
און גייען גרינג ארונטער צו דער נאַכט.

איך טראַכט פאַר זיך: וואָס איז געווען מיין וועלט?
און וואָס איז מיט מיר אויף דער ערד געשען? —
איך בין אריינגעגאַנגען אין דיין קליין געצעלט
און דיך געזען און — בין מיט דיר געווען.

און נאָכדעם בין איך פון דיין שטוב ארויס. —
דער טאָג האָט זיך געלאָשן אויף דער ערד,
און וואו א בוים, א דאַך, א פּלויט, א הויז
געשטאַנען איז אין טיפן גאָלד פאַרקלערט.

# מיין מאַמע

אַלט־געבעט: מיין ברויט, מיין ביסן
זאָל מיר אָנקומען אָן שאַנד.
אויף מיין לייב דאָס קלייד — צוריסן,
און מיין אָפּרו — ביי אַ וואַנט.

אַרט מיך נישט, אַבי די גאווה
פון דעם טעמפּן גדלנס בליק,
זאָל איבער מיין קאָפּ ניט פאַלן,
און ניט בייגן מיין גניק.

שעמעוודיק בין איך פאַר יעדן,
און מיין טראָט איז שטיל, ניט דרייסט.
פאַרן מינדסטן פאַרוואורף בעט איך
רואיקייט ביי גאָט און טרייסט.

און אַ וואַקלענדיקער קום איך
אין מיין ליידיק הויז צוגיין,
פאַר מיין טונקעלער וואַנט — געבויגן
ווי ביי אַ מצבה־שטיין.

וואָס דער טאָג האָט מיך באַ׳עולה׳ט
און צורייצט — האָט דער פאַרנאַכט
מיט זיין רואיקייט — אַ טרייסטונג
אין זיין גוטער האַנט געבראַכט.

וואָס די גאַס האָט בייז־געטאָן־מיר
און דעם הונט׳ — דעם מאַרקס — געביל
האָט געיאָגט מיך, וועט דער אָוונט
איינוויגן אין שוויגן — שטיל.

כחלום אין מיין שלאָף פון שטאַרבן.
און מיין בעט אין ווינקל — גרויט.
און די וואַנט ביי מיין צוקאָפּנס —
אַ מצבה אויף מיין טויט.

אויף דער וואַנט — אַ בילד אַ טונקלס
אין אַ טיכל איינגעהילט —
קוקט אַראָפּ צו מיר — מיין מאַמע
פרום און אומעטיק און מילד.

# לויה

איך האָב זיך צום פאַרגאַנגענעם ניט אומגעקערט,
כהאָט דאָס פאַרגאַנגענע זיך אומגעקערט צו מיר.
איר רויטע אָוונטזון ליגט אויף מיין מידער ערד
און שטאַרבט אין פייערלאַכער שטילקייט ביי מיין טיר.
(פון מיין פּאָעמע: קאַרעץ.)

## א.

איך גיי מיט אייך מיט,
מיינע אָרימע אַלטע,
נאָך אייער אַלטמאָדישער אַלטער קאַפּאָטע,
נאָך אייער פאַרלוירענעם טראָט וועג־אַרונטער.

איך האָב מיינע אויגן געבלענדט
אין אייער עניוות, אין אייער קבצנות,
און וויל זיין דער בעטלער, דער עלנט,
די לעצטע צופאַלנקייט פון אייער יחוס.

איך וויל זיי ניט ירשענען,
וויל זיי נישט האָבן, —
די ערדן, די לענדער,
די זון פונם מאָרגן.
כוויל אָפּגיין אין שאָטן
פון אייער פאַרנאַכט־וועלט.
כוויל אָפּגיין
געבויגן,
מיט פינסטערע שווערקייט
פון אייער פאַרגיין און פון אייער פאַרגעבן.

מיר גייען אין וועגן אין לעצטע,
אָט זע איך:
מיר שטעלן זיך אָפּ
ביי אַ שטיבל אַ לעצטן.
מיר וואַרטן.
און — סקומט פון דער נידעריקער טיר
אַרויס אַ קליין זקנדל.
זילבערנע ווייסקייט,
אַ לעצטער,
ער גייט מיט אונז מיט.
און — מיר גייען.

מיר גייען אין וועגן אין לעצטע,
אָט זע איך:
מיר שטעלן זיך אָפּ
ביי נאָך א קליין שטיבל.
און עטלאכע פון אונז
גייען אריין און — ארויס באלד,
און טראגן ארויס פון דער טיר א מטה,
איבערגעדעקט מיט א מלבוש אן אלטן.
זיי גייען פאָרויס אונז,
מיר גייען נאָך שטילע.
און — אָפן אנטקעגן
דאָס הילצערנע טירל.
מיר טרעטן אריבער,
פארמאכן דאָס טירל.

מיר גייען דעם גאנג פון א לעצטע לויה,
מיר טרעפן שוין אָפן דעם קבר.

און —
איך גיי מיט אייך מיט,
מיינע אָרימע אלטע,
נאָך אייער אלטמאָדישער אלטער קאפּאָטע,
נאָך אייער פארלוירענעם טראט וועג־ארונטער.

ב.

און אז איינער פון אונז
ווערט שוין ששוער אויפן גוף,
און די אלטקייט פון דער וועלט
שלעפּט זיך נאָך נאָך זיין טראָט,
אזא איינער פון אונז פלעגט אמאָליקע טעג
אוועקגיין אין שטילקייט, אין שאָטן פון גאָט,
און געשמועסט מיט אים
פון דער וועלט, פון דער ערד,
פון מענטשנס פארגיין,
זיין צוריקגיין צו שטויב.
פון אייביק און אייביק
זיינען די ווערטער שוין דאָ,
און טרויער־געבעט,
מורמל פון־זיך אליין

צווישן בוימער פארנאכט אין א וואלד.
פונם לעצט ביסל זון וואָס צופאלט אויף דער ערד
פארטיפט און פארקלערט.

און טרויער־געבעט
גייט ארום אויפן וועג
וואו א מענטש גייט אליין
פון די מענטשן אוועק,
און ער קוקט, און ער זעט:

אויף איטלאך קליין־ביימל,
אויף א גראָז, אויף א שטיין
רוט דער מוסר פון גאָט
ווי אַן עצה, אזוי:

גיי צוריק צו די מענטשן,
זיי קליין און רעד שטיל.
אזויפיל געבויגענע אלטקייט
שווערט איבער דער וועלט.
גיי אין אָרימע גאַסן אראָפּ,
סאיז פארנאכט,
און די אלטינקע דאָרט
רוקן זיך אין שולכל אריין,
און כאַפּן זיך אָן אַ וואָרט,
און דאָס וואָרט מיטן וואָכיקן קלאנג
מורמלט מילד, מורמלט שטיל,
ווי א קוואלכל פארנאכט צווישן בערג
גייט און גייט און גייט,
גייט און פליסטערט און רעדט,
גייט און וויגט זיך און בעט
אזא וואָרט און אַן אנדער וואָרט,
און א וואָרט ווערט באוואָרט פון א וואָרט,
און א וואָרט ווערט באוואָרט פון א צווייג
וואָס וויגט זיך אין פארנאכטיקן שיין;
פון א קו וואָס דרייט מיטן עק,
ווען זי גייט פון פעלד אוועק.
פון א קינד פון א פענסטער ארויס
אין אן איינציק הויז אויפן פעלד.

און ווערטער קומען פון גאָט
אויפן מענטשנס צונג ארויף,
אזויווי בלעטלאך אויפן בוים.

ג.

אַ ווייז מיר אַ וועג אַרויס
פון דערדראַזיקער לײדיקער גרויס.

איך האָב זיי שוין אַלע געזען
נאָכן קומען פון מעסטן די וועלט,
ערד און ימען און — קערן זיך אום
פאַרשוויגן און שטום.

און איך בין אָן בענקשאַפט
נאָך ווייט און נאָך ניי.
בזע נאָר די וועלכע גייען פאַרביי
פאַר מײַן טיר יעדע שעה.
סאיז מײַן גאַס שוין אַן אַלטער פּאַפּוגיי
רעדט אַלץ דאָס אייגענע נאָך
וואָס דער טאָג,
וואָס די שעה
וואָס די וואָך.

ווי אַזוי האָב איך דאָ זיך פאַרזאָמט
אַזוי שפּעט אין אַ פרעמדקייט אַזאַ.
אַז סאיז שוין קיין שאָטן נישטאָ
פון די וואָס איך שטאַם אָפּ פון זיי.

אויף דער ווייט איז געפאַלן אַ שניי,
און האָט זייערע טריט שוין פאַרוויִיט,
אויף טויט און אויף אייביק פאַרוויִיט.

# ער

לאָז איך דאָ קיין הויז ניט איבער,
ניט קיין גאָרטן, ניט קיין שייער.
און מיין ליד — נאָך זיך אַ יאָרצייט,
אַ קליין טרויעריק פלעמל פייער.

נישט נאָך זיך אַליין — נאָך אַלע
וועלכע איך בין נאָכגעטראַכטן
נאָך אַ שטאַרבנדיקע שיינקייט,
אויף אַ שוואַרצן שוואַרצן שאָטן.

אויף אַ פרעמדן, קאַלטן אינזל
בין איך דאָ געבליבן וואַרטן —
גאָרנישט צו מיין האַרץ דעררופן,
גאָרנישט צו מיין האַרץ דערטראַכטן.

איינער איז נאָך דאָ — ער וואוינט וואו
אויף אַ ליכטיקן בית עולם.
שפּעט אַמאָל וועט ער זיך כאַפּן,
אַז — ער האָט שוין באַלד פאַרשפּעטיקט.

מיטן לעצטן שיין אויף פענסטער,
מיטן לעצטן ליכט אויף צווייגן,
וועט ער אין מיין טיר אַריינגיין,
וועט איבער מיין שוועל זיך בויגן:

אָ, פאַרגיב מיר, וואָס איך בין היינט
אַזוי שפּעט צו דיר געקומען.
כהאָב זיך ביי דעם פלויט פאַרדרימלט,
און פאַרגעסן אַז כדאַרף קומען.

כהאָב געלאָזט איבער די בייטן
אַזאַ זונפאַרגאַנג אַ שטילן.
מיט די הענט איבער די אויגן,
די מצבות זאָגן תפילה.

ליכטיקייט — פאַרבענקטע פונקען,
אויף די גראַזן — קליינע פלאַמען.
און די שטילקייט — רו אויף טייכן,
טאָג אויף איינגעשטילטע ימען.

קום און — איידער זיי פאַרלעשן
און זיי מאַכן צו די אויגן.
און אַ רגע באַטיש דערהערן
זייער ליד פאַרגיין אין שווייגן.

יעדער טאָג אַזוי זאָגט ווידוי
גאַר די וועלט אויף מיינע בייטן.
מיט איר ווידוי, ווי מיט בענטשונג,
וועט זי דיך אין רו באַלייטן.

צוגעגרייט שוין דיין געלעגער
וואָרים וועל איך דיך פאַרדעקן.
צוויי מלאָכים, ווייסע שומרים, —
קיינער זאָל דיין שלאָף ניט וועקן.

איינער שטייט ביי דיין צוקאָפּנס,
און ביי דיין צופוסנס — איינער.
און אַרום — אַ פּלויט מיט שאָטנס
און אַרום — אַ פּלויט מיט שטיינער.

## אַרונטער צו דיר...

### א.

מיין אָרימהויז, אין דיינע טירן
אַז מען וועט פון ווייטע שטעט
אין יומטובדיקן כּאַמעט קומען,
און מ׳וועט פּראַווען אַ העלע סעודה,
וועל איך אויך אין יענער שעה
זיין אַן אָרימאַן אַ ווייטער און אַ פרעמדער.
צורוקן זיך צום ברעג פון טיש
טועם זיין אַ בליק פון יומטוב.
כאַפּן אַ שטיל וואָרט מיט איינעם
פון די שטילסטע מחותנים
וועגן טרויעריקן מצב פונם קלייטל אויפן מאַרק:
אַט, אַ קלייטעלע אַזאַ־מין,
אַ קליין קלייטעלע אַ טונקלס
האָט מיין וואוילער קרוב.
שטייען זיבן ליידיקע פּושקעס
אויף די פּאָליצעס אין שפּינוועבס.
און אַ זעקל זאַלץ אין ווינקל,
און אַ שנירל דאַרע שוואָמען.
און — דאָס לייזונג איז געשלאָגן,
זיצט ער זיך אַזוי מיין קרוב
אויפן בענקל ביי דער טיר פון קלייט
און די ליפּן נעמען זייער תהילים ברומען:
האָסט מיין זעל אַרויסגענומען
פון די ציין פון די רשעים.
און פון מיין לייב האָסטו פאַרמיטן
די יסורים און די פּיינען.
און ווי אויף טיישן פון מלכים
די געשמאַקסטע וויינען,
די געבעקסן די באַטעמטע, —
האָב איך אויף דיין ברויט מיט וואַסער
דיר געבענטשט מיט הייליקע ווערטער.
און מיין קאָפּ צום טיש גענידערט
איבער מיינע מידע אָרעמס.
כבין אַ אידעלע אַן אָרימס
און איך דאַרף דאָך דאָ איבערקומען,
העלפסט מיר, גאָט, אין מיין איבערקומען.

ברענגסטו מיר אויף מיינע ליפּן
ווערטער וואַרימע — כּטו בעטן,
און איך פיל מיין שטילן טרעטן
נעענטער צו דיר אַרונטער.
און איך פיל: דו האַלטסט מיך אונטער
אונטערן אָרעם — טרעפּ אַרונטער
טרעפּ אַרונטער,
טרעפּ אַרונטער.

ב.

אַן אַלטינקער גייט פונם דאָרף אָפּ
און קערט זיך נישט אים צו זיין שטיבל.
די ערד איז אַ מאַמע צו אַלע.
פאַר איטלאַכן מידן אַ קיישן.

און די טרייסט פון די ספרים: אַז שפּעטער
וועט אויך צו די אייביקע מידע,
צו די טרויריק־פאַרשלאָפענע אַלטע,
און ליכטיק־געשטאָרבענע קינדער
קומען אַ גוטער און וועקן מיט פאָטערשע ווערטער
ווי קינדער, צום נאָכאַמאָל לעבן.

ווערט גרינגער דאָס מיד־־ווערן תמיד.
דאָס שטיין נאָך ביים פענסטער און קוקן
צו אַלץ וואָס גייט אָפּ פונם גרעניץ.

אָ, לויפנדיק קינד דורכן געסל,
ביזטו דאָס דער נס פונם לעבן?
און — האָב איך שוין מער נישט קיין שליטה
צום ליכט פון דיין הערלאַכן וואונדער?

אָ, כאָטש זיי זיינען נאָך נישט אַלט מיינע יאָרן,
בין איך שוין פון לאַנג אַזאַ אַלטער,
און גרייט — טויזנט אייביקייט רוען.

און די גרויסע דערלייזונג?

אָ, די גרויסע דערלייזונג —
מיט זון און מיט זינגען און יובל
פאַרביי מיין צוקאָפּנס וועט שפּאַנען,
און וועט מיר פאַרבייגיין און — לאָזן
הינטער זיך מיין געביין אין זיין רו.

# מיר איז ניט באַשערט

א.

א שמש אין א שולכל,
וואָס גיסט די וואַשקוואָרט אָן,
וואָס גרייט א האַנטוך אָן,
וואָס קערט די שול בייטאָג
מיט א קליין בלעטער־בעזימל
איז — מיר ניט זיין באַשערט.
נאָר אַז איך טראַכט דערפון
ווי דאָס וואָלט מיר געפּאַסט,
ווי מיר וואָלט גוט געווען
בייטאָג, ווען ליכטיק־שטיל
אין פענסטער־קעסטעלאַך־זון
ליגט אויסגעקערט דער דיל;
די קופּער־קוואָרט מיט וואַסער פול;
א האַנטוך ביי דער טיר:
און — כזעץ זיך רואיק צו
ביים אַלטן לאַנגן טיש
און נעם א תהילימל
און קוק אַהין אריין,
ווערט פול מיין קליין געמיט
מיט לויב און שטילגעזאַנג
פאַר מיינע אָרימע טעג
וואָס איך דאַרף גאָרנישט,
גאָרנישט, גאָרנישט ניט.
וואָס איך וויל גאָרנישט ניט.
און וויפיל טעג איך דאַרף
דיר דינען דאָ — איז גוט.
מיין קליינע אָרימע פרייד
וואָס קיינער זעט מיך נישט,
וואָס קיינער קוקט אפילו ניט
איבער מיין געבויגטן קאָפּ.
נאָר —

מיר איז ניט באַשערט
אָט־די געבענטשטע רו,
און היימלאָז איז מיין וועלט.
און אומליב דאַך און קלייד

איבער מיין קאָפּ און לייב.
און כדריי זיך טאָג נאָך טאָג
אין ליידיקע טויערן
מיט אַ פינסטערן געדאַנק
אַראָפּגעשווערט צום שטיין.

ב.

זאָל ווייען איבער מיינע שורהס
דער אָטעם פון די אַלטסטע ספרים
כוויל אייער הייגטיקער נישט ווערן.
דער דור וואָס שטויסט זיך אין די גאַסן,
ער איז מיר ווי אַ פאָלק אַ פרעמדס,
איך קאָן נישט זיינע האַרטע ווענן,
און זיין פאַררויסנקייט פאַרשעמט מיך.
כגיי פרעמד אַרויס פון אָט־די מאַרקן,
אַ שטילער געגנט מיט רואיקע בוימער. —
כוואָלט אויף די שטאַמען אָפּגעקריצט
פסוקים, שורהס פון מיינע לידער.
די בוימער זאָלן עס כאָטש געדענקען.
כוואָלט אויך ווי זיי געקאָנט שוין שווייגן
צען־טויזנט אייביקייטן קלאָרע.
און מיינע אָפּגעגאַנגענע יאָרן —
ווייט־קאַלטע שטערן אין די הויכן.
און איך דאָ פון אַ דור אַ ווייטן —
אויף מיינע ברעמען איבער די אויגן
ליגט נאָך אַ שווערער מאַטער אומעט,
און לעשט מיט טויט מיר מיינע אויגן.

# פון אַלטן וואונדער

פון אַלטע וואונדער — פון אַ דאָרן
האָט צו אַ פּאַסטוך גאָט גערעדט;
אַ מוטער האָט אַ קינד געבאָרן
אין וועג, אין שטאַל אויף אַ הוילן ברעט.

אַ בעלפערל, אַ יתום, וואָגלט,
מיט בשורהס צו אַ ווייטער שטאָט;
אַ צלם — הענגט אַ מענטש גענאָגלט,
דאָס הארץ — אין אָפן בלוט פאַר גאָט.

ער האָט אַמאָל אויף הערלאַכע וועגן
זיין מחנה אָרימעלייט געפירט.
טאָרבעס, שטעקנס, העק און זעגן,
און אויגן — האָפענונג און ליכט.

און מאַמעס — קינדער אויף די שויסן,
זיי האָבן נאָך אים נאָכגעשפּאַנט
אין לײדיקן, אין הוילן דרויסן,
און נאָכן צייכן פון זיין האַנט.

נאָך וואָגלט אויף דער וועלט זיין חלום
ווי לבנה־ליכט אויף שנייִ ביינאַכט
אין פענסטערל וואו די מאַמעס וויגן
די קראַנקע קינדער אינמיטן נאַכט.

# אַ קלאַנג

איך בין אַ רבי אָן חסידים.
איך פּראַווע איינזאַמקייט פאַר זיך.
איך טראָג נישט אויפן קאָפּ קיין שטריימל
און נישט קיין גאַרטל אַרום מיין דיך.

אַרום מיין טיש — דריי ליידיקע שטולן.
ווער זאָל דען קומען אין מיין טיר.
אַמאָל נאָר און — כמאָך צו די אויגן,
דערזע איך זיצן אַרום מיר

די אַלטע, אַלטע פון פּאָרטרעטן
מיט מילדע אויגן און יונגע בערד:
דער בראַצלאַווער פאַרניגונט וויגט זיך,
רב פּנחס קאָרעצער — פאַרקלערט.

בין איך אַ רבי פון רביים
און מורמל נאָך אַ לויטער וואָרט
פון אַלטע ספרים אויסגעריסן —
אַ זילבער־האָר פון אַ ווייסער באָרד.

איך וועל באַלד אָפּפּראַווען מיין עלנט,
און פון מיין איינזאַמקייט אַרויס,
און איינזאַמלען זיך שטיל און רואיק
ביים שוועל פון זייער אייביק־הויז. —

אַ לעצטער וואָס איז שפּעט געקומען,
און איז ביים שוועל געפאַלן מיד.
סוועט קיינער זיך נישט לאָזן זוכן
דעם סליאַד פון מיינע לעצטע טריט.

# נ ח

געווען אַ חבֿרה וואוילע אינגלאַך
אַרום גרויסן טיש אין חדר.

זומער, שיינער טאָג אין פענסטער,
זומער — זומערדיקע סדרות.

ווייסער שניי און ליכט אין פענסטער
ווינטער — ווינטערדיקע סדרות —

יונג און הויך האָבן מיר געזונגען
די געזאַנגען,
די געזאַנגען,
די געזאַנגען
פון די סדרות.

וויל איך היינט נאָך
פּרוּוון זינגען.
נאָר איין קלאַנג זיך
כאָטש דערמאָנען
כאָטש אַ קלאַנג
זיך נאָך דערמאָנען.

סהאָט געלייגט זיך אויף מיין רוקן
עול מיט גרויער טויבער שווערקייט.

כהאָב פאַרבלאָנדזשעט אין די שטעט דאָ,
בין אַ גלות׳ל אַן אומעטיקס,
און מיין דאַרע האַנט —
צום גראַשן.

טעג פאַרשאָלטענע און הינטיש,
רעדן אַ גנבֿים־לשון.

שרייב איך אַ חניפה־בריוול
צו אַ פּריץ פון קאַנאַל סטריט,
בזה הלשון:

כהאָב אַ לידל צו פאַרקויפן
מיט אַ פּלעכטל רויט און גלאַנציק.
הערנערלאַך — געדרייט אַהינטער

שטייפע, שטאַרקע
פיר רגלים,
שטיין פעסט
על פּני הארץ.

ענטפערט מיר
דער קאַנאַל סטריט פּריץ,

אַז דאָס לידל איז נישקשה
נאָר — סאיז נישט געגוג מאָדערן,
עפּעס טוט ער אין דעם דערהערן
אַזאַ קלאַנג פון פאַר זיבעצן יאָרן
אויב אים נאַרט נישט דער זיכרון,
איז דאָס גאָר אַן אַלטער ניגון,
אָט־אָ איז דאָס —

דורכן פענסטער
זעט ער — ציגן
אויפן גראָז ארומגיין.
ביימעלאַך ביים פּלויט פון שולכל.
און — דאָס קול אדורכן פענסטער,
איז דאָס קול פון יענע אינגלאַך —

געווען אַ חברה וואוילע אינגלאַך
האָבן זיי געזונגען סדרות.

אלה תולדות,
תולדות נח.
נח. נח.
נח. נח.
נח איז געווען אַ צדיק,
און ער איז מיט גאָט געגאַנגען.

גאָלדענער טאָג
קוקט דורכן פענסטער.

נח. נח.
נח. נח.

נח איז געווען אַ צדיק
און ער איז מיט גאָט געגאַנגען.

חברה, וואוילע חברה אינגלאַך,
איבער טויזנט וועג און ברעגן.

כוויים: איר אַלע זענט אויף שיפן
צו אַן אַנדער ערד געשוואומען.
צו אַן אַנדער ברעג געקומען

חברה, וואוילע חברה אינגלאַך,
בקלינג צו אייך אין אַט־דעם ליד,
ווי אין אַ גלאָק איבער די לופטן.
כזע אייך אויפהויבן די פּנימער,
ליכטיקע און העלע פּנימער
מיט דער זון פון דורכן־פענסטער,
מיט דער פרייד פון סדרות זינגען:

אלה תולדות,
תולדות נח.
נח. נח.
נח. נח.

נח איז געווען אַ צדיק,
און ער איז מיט גאָט געגאַנגען.

# מיין געצעלט

1.

און דורך אזויפיל מי
וואָס האָב איך אויפגעבויט?
ארום מיין יונגן שטאָם
פארוויקלט זיך דער טויט.

ניט קלענער ווערט די זון,
די גאַסן — אויכעט ניט.
נאָר מיינע קליינע טעג
פארטונקעלן שוין מיד.

מיין אָרים ווייב, מיין קינד,
איך האָב אייך ליב אזוי —
מיין קליינער שבט דאָ
אין וויסטן מדבר־גרוי.

איך, אייער אַלטער אָב,
וועל אונזער אַלט געצעלט
פאררריכטן דאַך און וואַנט
פאר רעגן און פאר קעלט.

און אָנגרייטן אין הויף
א הויפן האָלץ פון וואַלד.
פאר־א־יאָרן איז ביי אונז
געווען אביסל קאַלט.

2.

נאָר אין מיין טיפער לייד
האָב איך דיין גנאָד דערקענט.
מיין נויט איז גרוי און גרויט
אויף מיינע ווענט און הענט.

בין ווי אין מדבר, האָב
דאָ קיינעם אין מיין שטאָט.
און אויף מיין מידן קאָפּ
איר גלייכגילטיקער טראָט.

באַהאַלט איך זיך דאָ אויס
פון מענטש, פון גאַס און שיין.

צו מיר, צו מיר אין הויז
קומט קיינער ניט אריין.

צו האָב איך זיך צוקריגט?
פאַרוואָס און צוליב וואָס?
מיין שווערער אומעט הענגט
איבער מיין טיר — אַ שלאָס.

3.

אויף מיין מידן קאָפּ געפאַלן
איז אַ טראָפּן פון דיין גנאָד.
אין דיין רו אַ ליכט פון ליבשאַפט —
זונטיק אין מיין גרויער שטאָט.

איינגעשטילטער טומל. מענטשן
גייען איינציקווייז, צו צווייִ.
אויף אַ פענסטער, אויף אַ פּלויטל
ליגט אַן ערשטער פעדער שניי.

ווער וועט קומען היינט מיין גאַסט זיין?
(מענטשן גייען היינט אין געסט)
אויפן דאַך אַנטקעגן זע איך
הענגט אַ ליידיק־קאַלטער נעסט.

# ליכט



א.

און אין שווערע שעהן
קומסטו גרינג און קינדעריש.
ברעננסט אין דיינע פּאַלעס
פרישקייט פון גרויסן דרויסן.

אין דרויסן איז ערב ווינטער.
קליינע שנייעלאַך גריסן.

דו האָסט העלע אויגן.
דו האָסט ריינע ווערטער.
דו האָסט גרינגע פליגל.
דו האָסט גוטע הענט.

לאָז מיר, לאָז מיר שוויינגן,
שווייגן אונטער דיין ליבשאַפט.
וועל רוען אונטער דיין פרייד,
ווי אַ גראָז אַ קראַנקער,
ווען דער פרימאָרגן טויאיקט
און דער הימל מיט זון ווערט רויט.

ב.

פאַרן ערלאַכן אַן אוהל
און אַ ווייסער קנויט אין אויל.
ברענט דאָרט תמיד — זיין געדעכעניש —
בענטשונג איבער אונזער מויל.

נאָך מיין טויט — אַ נידריק קבר,
לייג מיך ביי זיין גרויער וואַנט.
פלעקן זינד, נאָך אַלע ליידן,
קלעפּן אַלץ נאָך אויף מיין האַנט.

וויפיל דו האָסט ניט געלייטערט
מיין נשמה אין דיין שטראָף, —
שוואַרצער שאָטן נאָכגעגאַנגען
איז נאָך מיינע טריט צום סוף.

און די פּשוטקייט און גוטסקייט,
ווי דו האָסט זי אונז באַשיידט —

סהאָט מיין האַרץ נאָך ניט געוואונען
איר געבענטשטע העלע פרייד.

א באַלאַדענער פון טרויער
און פון בייזן צער באַשווערט,
שפּרייט דער סם פון מיינע אויגן
פינסטערניש איבער מיין ערד.

מיט דעם ליד וואו גאָר מיין ליידן
זאָל דאָרט ווערן אויפגעלייזט,
האָסטו נישט געזאָלבט מיין לעבן,
האָסטו נישט מיין טויט געטרייסט.

ג.

נביא, מאַן פון בשורות,
שטילער קנעכט פון גאָט.
אָרימסטער פון אַלע
אין דער נידערשטאָט.

אין דעם הויז וואו בעטלער
קומען עסן ברויט,
ליגן אָפּ אין ווינקל
זעק און פעק און נויט,

קומסטו און פאַרנעמסט דאָרט
אויבנאָן דיין אָרט.
זיסער האָניק גאָלדיקט
פון דיין ליכטיק וואָרט.

ווי פון מזרח פינקלט
רויט דאָס מאָרגנליכט,
העלע האָפנונג זוניקט
איטלאַכנס געזיכט

און דיין וואָרט איז גלויבן,
און דיין וואָרט איז וואָר.
גאָר דער ווייטסטער חלום
גייט אויף ריין און קלאָר.

פון די פענסטער שלאָגט שוין
אָפּ א שיין פון דאָרט. —

שימערט אויפן זילבער
פון דיין קאָפּ און באָרד.

ציטערט אויף די ליפּן
פון דיין הייליק מויל,
ווי אַ ליכט אין ווינקל
ברענט אַ רויטער זייל —

איז עס פונם מערב
וואו די זון פאַרגייט?
פרומע בייגן אַלע
זיך איבערן ברויט.

ברעכן קליינע שטיקער,
עסן ביס נאָך ביס,
און ווי ווייַן ווי גוטער
איז דאָס וואַסער זיס.

איז עס פונם מזרח
און — די זון גייט אויף?
שטום דיין קאָפּ געבויגן
און דו הויבסט זי אויף

רו און שטילער אָוונט,
און די זון פאַרגייט,
גייט אויף שטיל דיין בשורה
ביי דעם אָוונט ברויט.

ד.

גרינג, אוי, גרינג אַזוי
פאַל איך פון צער אַוועק.
און קראַנקע קוקן צו מיר
אין שויב די שיינע טעג.

זיי רירן אָן מיין קאָפּ,
און וויינען אויף מיינע האָר.
דער טרויער פון מיין געמיט —
אָקטאָבער־הימל קלאָר.

קום, זעץ זיך ביי מיין בעט,
דאָ ביי מיין רעכטער האַנט.

כזע אונזער נאָנטקייט —
די שאָטנס אויפן וואַנט.

און כזע: ווי לעבן דיר
ווער איך אַלץ קלענער, קליין.
און דו — אַריבער מיר,
ווערסט הויך און ברייט און שיין.

ה.

אַ שטאַרק זיך און גיי
פון פאַרגאַנגענעם אָפּ,
ווי מען גייט פון די טרעפּ
פון בית עולם אַראָפּ.

דאָס טויערל פאַרמאַכט
אינם שטיינערנעם פּלויט:
אַ גוטן טאָג, טויט.
אַ גוטן טאָג, טויט.

דערמאַנסט זיך, אַמאָל,
קומסטו ווידער צוגיין:
קוקט איטלאַכנס נאָמען
אַרויס פונם שטיין.

און די רואיקע זון
אין איר מידיקן שיין
שטייט אויפן שוועל,
גייט אין אוהל אַריין.

און די רואיקע שוועל
פונם אוהל — פאַרזייט
מיט גאָלדענע בלעטער
אין וואונדיקן רויט.

ו.

ווי אַ ריינער קוואַל אין שטילקייט
קוועלט מיין קינדערש הארץ צו דיר.
בין איך מער דען ווי אַ בעטלער
אין דער וועלט דאָ ביי דיין טיר.

ביי דיין שוועל — אַ גרויער שאָטן
זיץ איך, רו זיך אָפּ פון פּיין.

זיץ איך און איך וואַרט דו זאָלסט מיך
רופן אין דיין טיר אַריין.

ז.

וועסט ווידער נאָך קומען אין אונזערע מקומות
מיט ווערטער פון ליכט, מיט ניגונים פון גלויבן.

די גרויסקייט פון וואָך, ווי אַ פּאָרהאַנג אַן אַלטער
וועט זיך פון אונזערע אויגן טון־אָפּטון.

און עפּענען וועלן זיך די האָריזאָנטן
מיט ווייטקייט, מיט וועגן, מיט פרייליאַכע בלויען.

מיין וואָרט לעבט נאָר אויף, הויבט זיך אויף ווי אַ פליגל,
ווי נאָר איך דערמאָן זיך די פרייד פון דיין נאָמען.

איך האָב נישט קיין אַנדער־מין ניגון פאַר לידער
חוץ טרויעריקן רוף אין מיין בלוט נאָך דיין שיינקייט.

איך בין פון דיין גזע נאָר — ניט דאָס בין איך אויסן,
איך וואָלט ווי אַ בעטלער געוואָלט צו דיר קומען —

מיטן ישטויב פונם וועג נאָר מיט לויטערע אויגן
דיר טראָגן מיין אומעט וואָס כקאָן נישט באַהאַלטן.

ניט בענטש מיך, ניט טרייסט מיך, ביזט סייוויסיי טרייכטונג
אַפילו אַצינד ווען דו ביזט שוין נישטאָ דאָ.

איך צינד מיינע לידער ווי ליכט נאָך דיין נאָמען,
ווי קנויטן אין ערדערנע קריגעלאַך בוימל.

איך בענטש זיי און זאָג: ברוך אתה און — סדעקן
די פינגער זיך פרום מיר אַריבער די אויגן.

ח.

צו זיך אַ נאָענטן צו געפינען
מוז איך גיין צוריק, צוריק.
אויפן וועג פון דעם פאַרגאַנגענעם
מוז איך בויען בריק נאָך בריק.

פון די אַלטע האָלעוועשקעס,
פונם אַלטן אַש און ישטיין,
לייג איך אויס אַ שמאָלן בריקל
בלויז פאַר זיך צום איבערגיין.

דורכגעגאנגען דורכן בריקל
ליגט אין גרינער ברייט דאָס פעלד.
שטילע שלוה בלויט אין הימל,
אויף דער אַלטער נייער וועלט.

און אַראָפּ אין טאָל, אַנטקעגן,
שטייען שטיבלאַך נידריק, קליין.
ווייס איך: סאיז דאָס דאָרף פון תמימים,
לאָז איך זיך אַהינצו גיין.

צו פאַרנאַכט־צו וועל איך קומען
צו רב נחמנס שוועל געוויס.
קלאָר־אַזוי ווערן מיר די אויגן,
גרינג — דער טראָט פון מיינע פיס.

לויטער־בלוי איבערגעצויגן
איז דער הימל פון ברעג צו ברעג.
און די גרינע ווייטע פעלדער
שפּרייטן רו איבער מיין וועג.

ט.

כהאָב מיין טראָפּן גליק גענומען
מיט דער פולער מאָס פון סם.
סגייט מיר נאָך מיין שווערער אומעט
מיטן שאָטן פון מיין שטאָם.

קראַנקער הערבסט אין מיינע בלוטן,
טריבער הימל אין מיין בליק.
כפיר מיין קינד איבער מיין לעבן
אויף אַ וואַקלענדיקער בריק.

כגנבע אָפּ זיך פון די גאַסן,
קערווע אָפּ זיך פון דער וועלט.
דאַכט זיך מיר: מיין שטוב אין עלנט
איז אַ טונקל טויט־געצעלט.

און כבין נאָרוואָס אויפגעשטאַנען
פון מיין שווערן שלאָף און זע —
דורכן פענסטערל — עס פאַלט אַלץ
גרינג און ווייך אַ קלאָרער שניי.

פונדערווייטנס — שטיבער, שטיבלאַך.
דעכער, קוימענס און אַ רויך.
אַלץ ווערט איינגעהילט אין ווייסקייט
וועג און טאָל און שליאַך און טייך.

דאָס איז דאָך מיין שטאָט, מיין קאָרעץ,
ווי דורך חלום זע איך זי,
נאָך אַזויפיל נאַכט און פינסטער,
אין אַ ווייסן אינדערפרי.

י.

קום אַרויס אויפן הערבסטיקן וועג
דער אַראָמאַט פון דער לופט איז האַרב
און דאָס גאָלד פונם מאָרגן טיף־ברוין
נאָך דער וואַכער געדאַנק ליכטיקט אויף
פון דער אָפענער שטילקייט אַרום,
סאיז שיין אויף דער אַלטער ערד,
אויף דער שפּעטער, פאַרטראַכטער ערד.

יעדער זאַך, יעדער בוים, יעדער פּלויט
שטייט אין רו פון אַ גאָלדענעם ראַם,
שטייט אין רו ביי אַ גאָלדענעם ראַנד.

און — מען דערזעט, מען דערזעט:

אין דער וועלט הויך,הויך, ברענט
אַ גרויסע וואַקסענע ליכט,
און צושפּרייט אַרום זיך אַזאַ גאָלד
פון איר ווייסן ברייטן קנויט.
פאַלט דער גאָלדענער שיין אויף דער וועלט,
אויפן בוים, אויפן קלויסטער אין טאָל,
אויפן וועג וועג־אַרויס פונם דאָרף.
און עס ציטערט אין שטילקייט, ווי אַן אויג
אין פרומקייט פון ריינעם געבעט,
די מידיקע ברעם פון דער זון.

יא.

פאַר אונזער קליין און ענגן לעבן,
פאַר אונזער שמאָלן מידן בליק,
שוין עטלאַכע פון אונזער הויפּל
אוועקגעגאַנגען פוניענערזייט בריק.

איינמאָל ווען סהאָט דער מיטנזומער
געשטויבט אין טרוקן זאמד דעם וועג.
און איינמאָל — אין דער רויטער שיינקייט
פון זיינע לעצט־געשענקטע טעג.

און איינמאָל — אונזער גרויסער עלנט. —
דאָס קינד פון אונזער הויזגעזינד.
געוויינט האָט פון דער ערד אנטקעגן
די בשורה פונם פרילינג־ווינט.

די ערד האָט שוין ארויסגעוויזן
פון פאַראַיאָרן דאָס גרויע גראָז,
און דורך די וואָלקנס האָט געליכטיקט
א שויב פון בלויען הימלשלאָס.

מיר זיינען נאָך אליין געוועזן
ווי קינדער — עלנט, אָפּגענאַרט,
ארום האָט זיך דאָס לאַנד געבערגלט,
און סהאָט זיך מיר אין מיר געטראַכט

פון חומש מעשות — אינם מדבר
געגאַן' איז הגר מיט איר קינד.
געוויינט האָט פון דער וויט אנטקעגן
די בשורה פונם פרילינג־ווינט.

און פון אברהמען, און פון יצחקן,
און פון דעם בארג מוריה און —
עס האָט דער וואָלקן זיך געשפּאָלטן
און האָט ארויסגעשיקט די זון.

געוועזן איז זי שוין ווייט אין הימל
און לויטער־יונג איר שיין געזיכט.
מיר זיינען פונם פעלד געגאַנגען
אונטער דער שטילקייט פון איר ליכט.

מיט אונז זיינען נאָך מיטגעגאַנגען,
נאָר מיר זיינען געווען אליין.
און — שטום צו אונזער הויז דערגאַנגען,
און ביי דער שוועל געבליבן שטיין..

פאַר אונזער קליין און ענגן לעבן,

פאַר אונזער שמאָלן מידן בליק,
שוין עטלאכע פון אונזער הויפל
אוועקגעגאנגען פוניעגערזייט בריק.

יב.

און קומען וועט די שעה פון טויט.
א ווייטער הימלברעג ברענט רויט.

אין בעט — מיין גוף, מיין גוף אליין,
און איך אויף אים — ווי אויף א שטיין

א פויגל, אזא שוואלב, א טויב,
קוק צו דער ליכטיקייט פון שויב.

און צו דער טיר קוק איך אַרויף,
און שטיי אַלץ אויפן טויטן גוף.

באלד וועט זיך עפענען די טיר,
וועל איך פון אָרט זיך טאָן א ריר.

און איבער קעפ אַריבער, הויך,
אַט־ווי א שנייאיק שטיקל רויך

וועל איך א הויב־טאָן זיך אזוי
צום דרויסנדיקן קלאָרן בלוי.

און ווייס און ליכטיק־ניי און העל
פאַר אַלעמען דאָרט איבערן שוועל

א בלענד־טאָן אינם פענסטער־גלאָז,
און קיינער וועט ניט וויסן וואָס.

# שבת־זון

טו איך דערמאָנען זיך
אַלץ אין בעל שם טוב —

אַ איד וואָס פּלעגט קומען
מיט וואָכיקע שטיוול
צו גאָט און צו שבת,
צו קינדער אין דרויסן,
צו פייגל און פעלדער.

איך האָב נישט וואוהין מיינע בענקשאַפטן שיקן,
מיין אומעט — נאָך רו,
און מיין פּיין — נאָך אַ תיקון.

עס פאַרבלאָנדזשעט אַמאָל
אויף דער ערד אַזאַ צייט דאָ,
און עמיצער מאָלט עס
אין שיינער לעגענדע —

פאַר שפּעטערע וואָכן.
פאַר וועגן פאַר גרויע.

פאַר עלנטע קליינקייט.

פאַר קינדער פון קנעכטשאַפט.

פאַר מידע יחידים
וואָס ווינקלען,
וואָס טונקלען
מיט זיך נאָר, —

האָבן נישט וואָס
אויף די מאַרקן צו קויפן.

ליידן פון זינלאָזן טומל
וואָס קלאַפּט זיי אין פענסטער.

און זיי שטיקן זיך איין
אין די אייגענע העלזער,
ווי פויגלען אין קעלט,
אין פאַרשפּעטיקטן עלנט.

אַ, לאָזט מיך,

לאָזט מיך דאָ שטיין
אַזוי ווי ביי אַ פענסטער,
און קוקן, און קוקן
אין דער ווייט פון אַמאָל.

סאיז דאָך נאָך אַלץ אָט דער הימל
דער אייגענער הימל ווי דעמלט
ער רעדט לויטערע רייד ווי אַמאָל
מיט זיין טיפקייט און שווייגן.

און דער וואַלד דאָ אַנטקעגן —
צי וואָלט ער דען איצט, אין דער ישעה
זיך צווישן די בוימער באַוויזן,
און איך — גיי־אים־אָן אַנטקעגן:

— גוטמאָרגן אייך רבי.
פונוואַנען־זשע גייט איר עס, רבי?
פונוואַנען אַזוי פרי?

— איך גיי עס פון דאַוונען.

— אין וואַלד גאָר פון דאַוונען?
צי איז דען דאָרט דאָ אַ בית מדרש?

— דער וואַלד איז אַליין אַ בית מדרש.
צי קאָן נאָך זיין טיפערע שטילקייט,
צי קאָן נאָך זיין ריינערע רואיקייט
ווי צווישן די בוימער?
ווי איבער די גראָזן?

די ראָסע — די הענט זיך צו וואַשן
און שטעלן זיך דאַוונען.

— איר האָט דאָך נישט, רבי, קיין סידור?
איר טראָגט דאָך נישט, רבי, קיין טלית?

צי ווייסטו נישט, זון,
אַז איטלאַכער איד
האָט זיין אייגענעם סידור,
האָט זיין אייגענעם תהילים
אין הארצן.

און דער וואָס האָלט ריין
זיין נשמה פאַר גאָט —
אַ בעטלער, אַן עני ואביון,
איז זיין אויבערשטער ראָק,
מעג זיין ריסן אויף ריסן,
מעג זיין לאַטעס אויף לאַטעס,
אַזוי חשוב ביי גאָט ווי אַ טלית
פון תכלת און ארגמן."

*    *    *

עס איז נאָך דער אייגענער הימל.
עס איז נאָך די אייגענע ווייטקייט.
און דאָס וואָס עס האָט זיך אַנטפּלעקט,
וועט אפשר זיך נאָך אַמאָל ווייזן.

עס זיינען דאָ צייטן פון מדבר
צייטן פון מיד־וואָך, פון מיטוואָך
און — סקומט אָן די וועלט, ווי צופאָרן
מיט אַ וואָגן צו די צייטן פון שבת.

און מיר, מיר גייט נאָך דער אומעט
פון אַ שבת וואָס איז שוין פאַרגאַנגען.
און כהאָב זיך פאַרטרויט אין אַ חלום
פון עכאָס פון יענערזייט צייטן.

און כשפּיל אויף מיין תהילים אין לידער
פון אַ שבת־בייטאָג אַ זוניקן
אויפן קאָרעצער אַלטן בית עולם.

# כגעדענק

חלום חלמתי ואיני יודע מה הוא.

איך געדענק:
קליינע אָרימע הייזער.
דאָרט פּראַוועט מען סעודהס
מיט זינגען.

דאָרט זיצט מען ביי וואָרימע הרובעס
און מען דערציילט זיך מעשות
ביזן טאָגבלוי אין פענסטער

און וואָך זיינען אַלעמענס הערצער,
און אָנגעברייט זיינען די געמיטער
עפּעס פון גרויסקייט דערהערן
עפּעס פון וואונדער פאַרנעמען.

אָ, די גרויסע, די קינדערשע תמימות.
די שיינע, די ויידעשע תמימות. —

אַז סיי אין די בלעטער פון סידור,
און סיי אין די בלעטער פון תהילים —
אומעטום פינקלט דיין צוזאָג.

וואַרטן מיר אַלע אויף וואונדער.

איך בין נאָך —

איך בין נאָך אַ דאָרטיקער אינגל.
איך בין נאָך אַ דאָרטיקער בחור.

איך וועל מיט מיין שטילקייט און שווייגן
זיך שאַרן ביים וואַנט
פון דער צייט היינט.

און — בלייבן
אָט ווי כבין געבליבן.

דאָס נעכטיקע זייד,
און דער לייוונט,
זאָל רים איבער רים
אויף מיר הענגען.

די נעכטיקע פשטות.
תמימות,
זאָל ציטערן ריין
אין מיין לעבן.

און כזאָג אויס פאַר אַלע
מיין אָפּשטאַם.

מיין אָפּשטאַם איז
אָרימער קאָרעץ.

מיין געסל
האָט עלנטע שטיבער.
אַלטע, דער־שראָקענע דעכער.

מיין געסל הייסט: גלות.
פּראָסט: גלות.

אין קליינעם רב־אשר שולכל
האָט אַמאָל דער מעזשירעטשער מגיד
געהאַלטן אַ דרשה.

איך פלעג תמיד
ביים זייט פון באַלעמער זיך שטעלן,
און טראַכטן אַז דאָ־אָ,
אויף דעמדאָזיקן אָרט איז אַמאָל
דער מעזשירעטשער מגיד געשטאַנען
און געהאַלטן פאַר אידן אַ דרשה.

און סהאָט מיר אָנגעהויבן דאַכטן,
אַז כהער אים נאָך רעדן אַצינד,
און זע ווי ער שטייט אין זיין טלית
אַריבערן שטערן די עטרה.

און סטריפּן די ווערטער די קלאָרע
ווי ליכטיקע לויטערע טראָפּנס,
און איטלאַכן ווערט פון זיי ליכטיק,
און איטלאַכער ווערט דערפון ליכטיקער.
און איטלאַכער ווערט דערפון ריינער.

און איך בין אַ אינגל אַ קליינער
פון תמיד —
די אויגן אין וואונדער.

און די וועלט
שטייט מיר פּלוצלונג אַנטקעגן

אַ חלום —

אַ זון מיט אַ רעגן.

אַ חלום —

און — כוויים ניישט פונוואַנען,
אַט איצט, ווי איך טו זיך דערמאָנען
בלייבט ווידער אַלץ וואָרער דער חלום.

נאָך אַלע און אַלע גילגולים,
בין איך נאָך אַ דאָרטיקער אינגל,
בין איך נאָך אַ דאָרטיקער בחור,
און זע זיך פאַרנאַכט אין אַ געסל
פון קליינע אַלט־אָרימע שטיבער.

# יומטוב

ווי דו זאָלסט מיט מיר ניט פירן,
נעם איך אָן פּאַר גוט און וואויל.
טריבע ווערטער אויף מיין הארצן,
שטומער אָפּזאָג אויף מיין מויל.

שמייכל — נאָכן שווערסטן עלנט
אין די ווינקלען פון מיין בליק.
וויפיל זאָלסט מיך נישט פארטרייבן,
בייג איך זיך און קום צוריק.

וויל איך דען א טורעם בויען?
האָב איך עפּעס דען געבויט?
וואָס דען דארף איך חוץ א מלבוש
און אן אָרים שטיקל ברויט

פאר מיין ווייב און מיינע קינדער
און — צונומען ברייט די הענט —
קינדער, טאנצט מיט מיר אינאיינעם
פארן זונליכט אויף די ווענט.

זעט, איך עפן אויף די טירן,
עפן איך אויף די וועלט.
קינדער, קומט מיט מיר אינאיינעם
ברענגען יומטוב אויף דער וועלט.

## קדיש־זאָגן

כאָטש מיין טאַטנס יאָרן לעבן,
כאָטש מיין טאַטנס קלאָרן לעבן
קאָנען טונקל זיך דערקלערן.
קליינע, קורצע אָרימע יאָרן
און דערנאָך — אַ שמאָלער אָרון,
און אַ אינגעלע אין שווייגן,
פרום דעם קאָפּ אַראָפּגעבויגן,
פירט מיך אויף מיין לעצטן וועג,
פירט מיך אין מיין רו אוועק.

ביי דער שוועל איז ער געבליבן,
און זיין קליינעם קאָפּ זיין ליבן
אויף מיין אַקסל אָנגעלעגט.
און געקושט מיר אויף די הענט,
און געקושט מיר אויפן שטערן.
און געלאָזט אויף מיינע ברעמען
וואַרימע צוויי גרויסע טרערן,
וואַרימע צוויי גרויסע טרערן.

האָט ער כאָטש געהערט מיר זאָגן:
אינגעלע מיינס גיי געזונט?
לאָז מיך דאָ אַליין שוין זיין.
גיי, און גיי אין שולכל אריין,
וועסטו דאָרטן מנחה דאַוונען,
וועסטו אויף אַ באַנק זיך שטעלן,
און וועסט נאָך מיר קדיש זאָגן,
און וועסט נאָך מיר קדיש זאָגן.

אינגעלע מיינס, גיי געזונט.

# בית עולם

שלאָף און רו אויפן בית עולם
מיט מצבות ביים צוקאָפּנס.
פרישע הויכע גראזן — ליגן
אויף זיי שווערע רעגנטראָפּנס.

נאָר־וואָס איז אַ שטאַרקער רעגן
ווי אַ מאַרש דאָ דורכגעגאַנגען —
אויף די דעכער פון די אוהלים
הויכע וועקנדיקע קלאַנגען.

איצטער שטייען אויסגעוואַשן
שטיבלאַך און די קברים־שטיינער.
און די פענסטערלאַך, די שוועלן
פון די אוהלים — פרישע, ריינע.

נאָנט צו אָוונט — סוועט פון הימל
שוין די גרויקייט נישט אוועקגיין
בלייכע, גרינגע שטילע וואָלקן
רוען אָפּ זיך נאָכן רעג'נען.

גיי איך פון די טרעפּ אַרונטער
צו דעם נידעריקן טויער.
גרינג אַזוי איז מיר אַרומגיין
איצט דאָ — אויפן וועג פון טרויער.

איך האָב דאָ אַן אייגן ווינקל
נידעריק אין טאָל אין גרינעם,
ביי דעם שמאָלן שטיין — אַ בוימל
וויגט זיך אויף אַ שטאַם אַ דינעם.

קורצע צווייגן, קליינע בלעטלאַך
קלאָרע, דורכזיכטיקע, גרינגע
גייט דער ווינט איבער די צווייגן
נעמען זיי ווי זילבער קלינגען.

# צו מיין קינד

איך האָב דאָ קיין הויז נישט געבויט,
כוועל אין וויסט מיין ירושה דאָ לאָזן —
מידע ווערטער פון אומעט און טויט.
טוי פון הערבסט אויף פאַרלאָשענע גראָזן.

דו, מיין קינד, מיט די אויגן טיף־בלוי,
צי וועסטו מיין צער דען דערקענען?
ווי אין נעפּל די הערבסטזון — אַזוי
וועט אין דיר מיין געדעכעניש דערברענען.

וועסט זיין ווייט פון מיין ערד, פון מיין וועלט,
נאָר עס וועט מיר נישט באַנג־טאָן אפילו.
כהאָב מיט זיך און אין זיך שוין צונשטערט
מיין וואָרט און מיין פּיין און מיין תפילה.

און געבליבן איז לײדיק נאָך מיר
דער הימל — אַ קאַלטער, אַ ווייטער.
און אין בלוי פון די אויגן — אין דיר,
איז מיין עלנט שוין אויך אַ באַפרייטער.

און אַן אייביקע ווייטקייט שוין רייסט
אונזער ביידנס פאַרבונדנקייט איבער.
און דו איינע, כאָטש דו, — ביזט דערלייזט
און ביזט שוין די גרעניץ אַריבער,

וואו איך בין געפאַלן אין פּיין
אונטער שווערקייט פון פינסטערע עולן.
צי האָב איך דיר געוויזן דעם שיין
צו דעם וועג פון די רואיקע טאָלן?

דאָרט האָט מען מיין קול ניט געהערט,
דאָרט האָט מען מיין וואָרט נישט פאַרנומען.
טאָ, געבענטשט זאָל דיר זיין יענע ערד
און געבענטשט אויך דער טראַט פון דיין קומען.

## ווידוי

אָפּגעזאָגט מיין שטילן תהילים,
און געוואָרן שטיל, אנטשוויגן.
אונטערן גרויען מידן רעגן
שטאַרבנדיקע גראָזן ליגן.

האָב מיין רוקן איינגעבויגן
קליין ווי אַלע און דערשלאָגן.
וועל מיין שווערן עלנט טראָגן
וויפיל כּוועל אים קאָנען טראָגן.

וואו איך זאָל מיט אים ניט פאַלן
וועסטו מיר דיין שטאַרקן אָרעם
אונטערלעגן און — מיך לייגן
צווישן מיינע נאָנטע קברים.

רואיקייט איבער מיין שטערן,
מיינע ליפּן מידע, מידע.
כהאָב געזאָגט אַ האַלבן לעבן
פּסוקים תהילים, פּסוקים ווידוי.

איז מיין האַרץ איצט צוגעפאַלן
צו דיין ערד צו דיין געטרייער
מיטן לעצטן פונק פון חלום,
מיטן לעצטן פונק פון טרויער.

# ליכט

צווישן קליינע גרויע הייזער,
גיב מיר אויך אַן אָרים הויז.
זומער — העלע גרינע גראָזן
וואַקסן ביי מיין שוועל אַרוים.

ווייס מען ניט — אַז כבין געקומען
פון אַ ווייטער פרעמדער שטאָט.
לעבן נאָנט לעבן מענטשן.
לעבן נאָנט לעבן גאָט.

אפשר וועט דער גרויסער הימל
צו זיין רו און צו זיין בלוי
צולאָזן מיך שעפן שטילקייט,
איך בין מיד און מאַט אַזוי.

אויסגעלאָשענע און ישוועדע
פאַלן מיינע ברעמען צו:
אין דיין האַנט גיב איך זיך איבער,
טאָל פון פרידן, מאָל פון רו.

ליג איך, פיל איך דיינע אָרעמס.
שפּיר איך, ווי דו הויבסט מיך אויף.
אַזאַ קינדערשער און גרינגער,
ווערט אין דיינע הענט מיין גוף.

כוויים: דאָ צווישן דיינע בערגלאַך
זיינען קלאָרע קוואַלן דאָ.
וועסט מיך ברענגען צו דעם קלאָרסטן
ביז דער בלויער אָוונט-שעה.

# פאַרזיי

פאַרזיי אין מיין אָרימער נשמה
די לויטערע פרייד פאַר אַ צווייטן.
און גיב מיר דעם ליכטיקן כח
צו ברענגען מיין קרבן און זינגען.

אָפטמאָל פיל איך ווי סנידערט דיין חסד
אַריבער מיין האַרץ ווי אַ זאַלבונג,
אַזויווי אַ רגן פון טויען,
און כ'צועפן זיך ברייט ווי אַ פעלד
מיט בליאונג, מיט טאָג און מיט רחבות,
און ווערטער און זאָגאַכצן זינגען
צו דיר וואָס דו האָסט אין דיין נאָמען
פאַרנומען די נעמען פון אַלע;
וואַקסט אַרויס אינם גרין פון די גראָזן,
און אַנטפּלעקט זיך אין אָפענעם קנאָספּ,
און אין אָפענעם קינדערשן שמייכל
און אין דער שטילער פרומער הכנעה
פון צווייגן, פון בוימער ביים וואַסער.

פאַרזיי אין מיין גרויער נשמה
די קערנער פון פרייד פאַר אַ צווייטן.
און די פרייד זאָל געבענטשט זיך צעוואַקסן
אַזויווי די תבואה אין תמוז.
און ווער עס וועט וועלן זאָל קומען
און שניידן די זאַנגען־געזאַנגען
און איך —

איך האָב געטרונקען דיין זון,
און דיין טוי און דיין בלוי און דיין הימל.
און דורך מיר האָט דיין טוי און דיין זון
ווי דורך ערד זיך געשניטן, געגאַנגען
אין די שמאָלע זאַנגען־געזאַנגען,
און האָבן געבליט.

# סעפּטעמבער

שׂרה קייזערמאַן

אויף פעלדער שפּרינגט דער ווינט
איבער הערבסטיקע קוסטן אום.
דורכן וועג האָט מען נעכטן געהערט
דעם גאַלאָפּ פון דעם זומערס פערד,
דער עכאָ קלינגט אָפּ נאָך אַצינד
אין דער קלאָרער שטילקייט ארום.

יאָ, דאָס שענסטע געמיט פון די טעג
איז איצט — בייטאָג און פאַרנאַכט.
אפילו אַ דורכזשומענדיקע פליג
ברומט דורך דער וועלט פאַרטראַכט.
אַ דיקע פויערטע ביים שטוב־שוועל
און — איר פּנים איז איידל־צאַרט.

אָ, ליבער טאָל פון דערפער
און הימל איבער וואַלד און פעלד,
איך האָב שוין נישט קיין איין קרוב
אין אייער שטיל און רואיק געצעלט.
און איך, אין די שטעט — אַ שלעפּער
אין גאַנצע קליידער פאַרשטעלט.

כוועל זיך ארויסרייסן פון מיין גאַנצקייט
און וועל קומען אַ בעטלער צו אייך.
אַ באָרוועסער וועל איך אריבערגיין
צו אייער ברעג דעם קאַלטן טייך.
סאיז הערבסט און פון די וועלדער
שמעקט אַ געשמאַקער ריח און רויך.

סאיז הערבסט און אייערע פענסטער
די שפּאַרעס מיט שטרוי פאַרשפּאַרט.
מיט געמאָסטענע טריט קומט דאָס פערד אָן
פון פעלד צום שטאָל פאַרנאַכט.
און פונאויבן די ווייסע לבנה
מיט אַ קאַלטן שמייכל לאַכט.

# מיין וועלט

געקומען בין איך דאָ דער שפּעטסטער,
און קיינער ווייסט ניט מיין נשמה.

אין טויבן עכאָ פון אַלט־ניגונים
קלינגט מיר אַ פונק, אַ קלאַנג אַריבער.

כהאָב ערגעץ־וואו אַ שטאָט אַן אַלטע
אַ שטאָט אַ ווייטע מיט אַלטע גאַסן.

און — דאָרט אַ גאַס מיט אַלטע שטיבער,
און גערטנער בלעטערן־אָפּ איבער פּלויטן.

און דורות קעץ, און דורות מענטשן —
מען קאָן זיך שוין פון אייביקע יאָרן.

דאָס וויינען פון אַ קינד אין אָוונט
און פון אַ קעלבל אין אַ שטעלכל —

סאיז איינס און כאיז דאָס אייגענע ליד.
סאיז איינס און סאיז דאָס אייגענע ליד.

און ווען דער ווינט צעבלאָזט און צעוואַרפט
די שטרויענע דעכער פון די סוכות,
און צווישן האַלבן לויטערן הימל
צום האַלבן וואָלקנדיקן — אַנטקעגן
גייט אָן אַ ווינטיקער וויכוח
צי סזאָל נאָך היינט אַראָפּ אַ רעגן,
צי גאָר דאָס איבערלאָזן אויף מאָרגן.

און אין אַזאַ מין אידישלאַכער שטימונג
הויבט פּלוצלונג אָן דער קלויסטער קלינגען.
דער קלאַנג איז אַזוי היימלאַך־אייגן
אין אַזאַ אַלולדיקן פרימאָרגן
און לויזע טויערלאַך פון גערטנער
סקריפּן קרענקלאַך־אומעטיק צו.

דאָס איז מיין וועלט —

דורך צייט און וואַסערן
קוק איך צו יענע ברעגן אַריבער.

זאָל זיין אַז כלאַז מיין ליד — אַ שיפֿל
אַן עלנטס אויף פּאַטאַלע כוואַליעס.

זאָל זיין אַז אויפֿן מיסט פֿון חורבן
שוין ליגן די אַלטע קעץ און דורות, —

וועל איך, אַן איבערבלייב אַ לעצטער,
מיט קייטן וואָך אויף הענט און אַקסל,
אַ סוד אַן איינגעשלאָסענער ווערן,
אַ חורבה־שלאָס אין שטאָלצן שווייגן.

אָ, זון, אין דיין פֿאַרגיין קום קלינגען
דיין גאָלד און טרויער אין מיין פֿענסטער.

איך וועל דיר אויפֿבלענדן אַנטקעגן —
אַ קעניג וואָס שטייט אויף פֿון קבר,

די בלישטשענדיקע קרוין פֿון גינגאָלד
אַריבער די לעכער פֿון זיינע אויגן,

און אין דער האַנט — די שווערד פֿון פֿייער
צובראָכן און צובויגן.

# אלול

פאר מיינע קינדער וועט מיין הויז
קיין וואוינאָרט נישט פארבלייבן.
איך לעב אליין פאר זיך שוין אויס
דעם קלענסטן טאָג דעם קירצסטן.

אינדרויסן ליגט א פרעמדע וועלט
מיט טויזנט פרעמדע גאסן.
זיי ליגן הארט ביז צו מיין שוועל
און רייסן זיך דאָרט איבער.

כהאָב קיינמאָל נישט וואוהין צו גיין,
צו מיר — נישט רופן קיינעם.
מיין דור האָט מיך געלאָזט אליין,
א זכר פון זיין חורבן.

איך בין קיין נביא ניט, אָ ניין.
איך בין, איך בין — פון קאָרעץ.
האָב ליב די פּראסטקייט פון דער וועלט,
די פּשטות פון עם־הארץ.

א באלעגאָלע מיט א בויד,
א שמש אין בית מדרש,
וואָס קערט די שול אויס און ער זעט
די מלכה שבת קומען —

פון מערבדיקן זונפארגאנג
גלייך צו די טרעפּ פון פּאָליש,
און ווייסט — אז שבת לייזט אונז אויס
אונז אלעמען — פון גלות.

עס קלינגט מיר איבער צייטן הויך
דער קלאַנג פון יענעם וואונדער.
אברהם, שוועסטערקינד דו מיינס,
וועסטו נישט זיין מיין עדות —

צי האָבן מירביידע נישט געהערט
אין ערב־שבתדיקן טרויער
פוניענערזייט פון קאָרעצער בריק
האָט זיך צוגעמאכט דער טויער?

אזא מין גאָלדנדיקן קלאַנג
האָבן מיר פון אַרום פאַרנומען.
דער טרויער האָט זיך צוגעמאַכט,
און שבת איז געקומען.

איך הער זיך צו אַלע ווייטן איין,
און הער נאָר דעמדאָזיקן ניגון.
איך זינג אים אין מיין ליד אַריין,
און וויל מיין ליד פאַרוויגן,

און אויך דעם אומעט פון מיין וועלט
וואו כטרעט די שוועל אַריבער,
און מאַך די טירן צו און לאָז
נאָך זיך נישט קיינעם איבער.

די קינדער מיינע — אין דער וועלט,
אויף אַלע שטעג און וועגן.
אויף מיין שוועל ליגט אַ מידע זון,
אין שפּעטן גאָלד פון אלול.

# אידיש

אידיש, מיין מאַמע,
מיין וויגליד,
מיין גאָלדן־ווייס ציגעלע
ביי מיין צוקאָפּנס.
מיין פרום שטיל געמיט,
און מיין מודה־אני
ביי קוים־וואָס צובלויטע
פרימאָרגיקע פענסטער.

אידיש, מיין מאַמע.

אידיש, מיין כלה,
מיין כלה, מיין חלום.
מיין פירערין שיינע
איבער די ליכטיקע
זוניקע גערטענער
פון שיר השירים.
די בוימער מיט צוויטן,
די צווייגן מיט בלעטער,
און — דער הויף איז פאַרשטעלט
מיט אַ הויפן ברעטער.
דורך שפּאַרעס — די זון
שפּאַרט זיך דורך
זשום־זשומענדיק שטיל,
ציט־ציטערדיק שיין.
סטוט אונז קיינער ניט זען.
סטוט אונז קיינער ניט זען.

אידיש, מיין כלה.

אידיש, מיין ליד.
בגעדענק, דאָס האָסטו
מיך געלערנט פאַרשטיין
לשון־קודשע ביכלאַך.
אַ קאָפּ צו אַ קאָפּ,
ווי צוויי אינגלאַך אין חדר,
האָבן מיר אויךביידע
ויקרא געלערנט.

אידיש, מיין ליד.

מיין ליד און מיין ווידוי.
ביזט ווידער מיין מאַמע,
און איך בין אַ מידער
צו דיר אין דיין שטיבל
אין אָוונט געקומען.
איך האָב דיך געטראָפן
ביים טיש,
ווי אַמאָל נאָך,
אַריינקוקן
אין דיין מנורת המאור.
האָסטו די בריל
אויפן טיש אַוועקגעלייגט,
פאַרוואונדערט,
זיך אומגעקוקט:
יאַנקל!
וואָס פּלוצלונג
פון מעבר לימים?

אידיש,
מיין מאַמע.
מיין ווייב
און מיין כלה;
מיין ליד
און מיין ווידוי,
מיין מודה אני,
מיין ליכטיקער וועג
אין די גאָלדענע גערטענער
פון שיר השירים.

מיין ווידוי — אין ווינקל
די שטילקייטן מיינע,
די שאָטנס פון אומעט.
אומהיימלאַכע בליקן
אַרום זיך — אַן עלנט
ווי אַ הונגעריק מייזל
גריזשעט די ווענט.
און אַרום מיר —
טויט־שווייגן.

ארום מיר —
וויסט־שוויַיגן.

אידיש,
מיַין מאַמע,

אידיש,
וואָס שווייַגסטו?
וואָס שווייַגסטו,
מיַין מאַמע?

וואָס שווייַגסטו,
מיַין כּלה?

וואָס ביזטו אומעטיק
אידיש, מיַין כּלה? —

ווילסטו נישט גיין שוין
מיט מיר אויפן שטעגל
צו די גאָלדענע גערטענער
פון שיר השירים?
צו די וואַרימע גערטענער
פון שיר השירים?

אידיש, מיַין מאַמע.

# ליכט

א.

בלויז די מינוט פון רו אביסל
איז שוין די אייביקייט פון פרייד.
זיי בייגן זיך איבערן שיסל
און אין דער מידער האַנט דאָס ברויט.

זיי זיינען מידע, מיד ביז שטאַרבן,
די גלידער גליווערן ווי שטיין.
דאָס אויג ווי גלאָז — און אַלע פאַרבן
פון טאָג און זון קאָן עס ניט זען.

אַן קאַמף, אָן קריג און איינגעשלאָגן
פון זינט זיי זיינען דאָ פאַראַן.
דערמאָן, ווי שווער עס האָט געטראָגן
דעם גרויסן צלם דער בלייכער מאַן.

זיין שיינער קאָפּ צו דר'ערד געבויגן,
צום ברוסט דאָס איידעלע געזיכט.
און אין דער טיף פון זיינע אויגן
די טרערן — צאַנקענדיקע ליכט.

ב.

פון אונזער גרויער וועלט
און נידער טוען מיר הויבן
צו דיר די הענט ווי ליכט
מיט פּייערלאַכן גלויבן.

נאָר־וואָס אין שטוב אריין,
פאַרמוטשעטע און מידע
ביי אונזער אַלטן טיש,
ביי אונזער אָוונט־סעודה.

און אונזער אָרימברויט,
און אונזער קרוג מיט וואַסער, —
פון גאָר דיין ברייטן פעלד
פאַר אונז דיין ביסל מעשר.

ער איז פון דיר געבענטשט
דער צוגעטיילטער חלק.
די אָוונט־זון אין שויב —

דער לעצטער שיין — איז היילִיק.

ער פאַלט אויף אונזער קאָפּ
און טריפט אין די געמיטער
ווי סטרויעריקע גאָלד
אין פעלד אויף גרויע ריטער.

ג.

מען וועט פון אונז זיך אָפּגעוואוינען.
אויך די פּאָר ווערטער הערן אויף וויינען.

דער שענסטער ניגון ווערט אנטשווּיגן,
און — יונגע מאַמעס און נייע וויגן.

אויפן בית עולם טוט אַלץ שנייען, שנייען,
פאַר כלות טוט מען העמדער נייען.

ווייס די העמדער און איבער די קניען.
פרישע העמדער — שמעקן, בליען.

טונקעלע לאָדן און פאָרהאַנגען,
און — זוניקע טעג זיינען געגאַנגען.

טונקעלע לאָדן און פאָרהאַנגען
און ניין חדשים זיינען פאַרגאַנגען.

דער שענסטער ניגון ווערט אנטשוויגן,
און — יונגע מאַמעס און נייע וויגן.

ד.

ווי אַ שטרוי ברענג איך מיין לעבן
פאַר אַ קרבן — פאַר מיין קינד.
צינד עס אָן פון אַלע זייטן,
און מיין אַש — צו וויסט און ווינט.

קינד מיינס, קינד, ניט גיי מיך זוכן,
די וואָס זוכן ווערן בלינד.
איך וועל קושן דיינע ברעמען
מיט די ליפּן פונם ווינט.

# א י ך

(פראַגמענט)

און מיין גוף —

ווי אַ פערד האָב איך געפירט אים
נאָכן אַקער פון אַלע עולן.
אים געגעבן אַ טרונק זיסקייט
און אַ ווייניקייט — צו זויגן,
איז ער אין זיין שפּאַן געגאַנגען
מיט אַראָפּגעלאָזטע אויערן,
מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן.

און ער האָט פּאַר ליב גענומען
וואָס סאיז נישט אויף אים געקומען.
כהאָב אים צוגעזאָגט — אויף שפּעטער
אייביקייטן רו און חלום
אייביקייטן טיפן שלום.
האָט ער מיר געגלויבט, געשוויגן
פונם גרויסן פאַרגעניגן
וואָס דערוואַרט אים שפּעטער
אויפן געלעגער פון ווייכע ברעטער.

דו אָבער, נשמה מיינע,
זאָלסט אַמאָל צוגאַסט כאָטש קומען
צו מיין הענט און פיס געזינדל,
און זיך זעצן ביים צוקאָפּנס
זיך דערמאָנען, אים דערמאָנען
ווען איר זענט געווען אינאיינעם,
און געגעסן פון איין טעלער,
פון דעמזעלבן גלאָז געטרונקען
און געלעגען — איין געלעגער.
און אינאיינעם אין שווערן אומעט,
פון איין וואַנט ביז צו דער צווייטער,
אויסגעשפּאַנט צען־טויזנט מיילן
און מיט איינגעבויגענע קניען
אויפן בעט אוועקגעפאַלן.

און אַז עס וועט זיין שיין־זומער,
גראָזן וועלן גרין זיך שפּילן
מיטן ווינט אין שטילע קושן,

זאָלסטו זיך אָן אים דערמאָנען.
שיינע שיר־השירים שורות
קלאַפּ־אָן אינם שטיינערנעם טירל:
עת הזמיר — סאיז שוין זומער,
און דער דרור־פויגל טוט זינגען
צו די בשמים אויף די בערגלאַך,
צו די בליטן אויף די ביימער.
שטיי־זשע אויף פון דיין געלעגער,
וועק זיך אויף, הויב אויף די ברעמען,
קום אַרויס פון טונקלען חדר,
נעם מיך אָן אונטערן אָרעם,
וועלן מיר גיין אין וועג שפּאַצירן,
וועלן מיר ביים טייך זיך זעצן,
און זיך אויסטון טאַקע באָרוועס,
שטעלן אונזערע פיס אין וואַסער,
וועט אונז קיל און פרישער ווערן.

און — אַז עס וועט זיין סוף־זומער,
הערבסט וועט וויינען אויף די פעלדער
מיט די קאַצעוואַטע רעגנס,
זאָלסטו זיך אָן אים דערמאָנען:
נעכט און אָוונטן פאַרגרויטע,
אומעט, ווי דער גייסט פון טויטע
איבער אונזער ביידנס געביין.
און פון דיינע ליפּן טריפן:
הוכה כעשב ויבש לבי,
צובראָכן איז מיין הארץ, ווי גראָז
פאַרטריקנט, אַז כהאָב מיין ברויט
פאַרגעסן עסן, לבי, ליבע,
אַז כהאָב מיין ברויט
פאַרגעסן עסן.
לבי,
ליבע.

# דו

דיין וועלט זאָל ווידער זיין
אַ הויז פון ערלאַכע.
דיין וואָרט — זיין אויסגעפּרואווט,
ווי פייער און ליכט.

באַזעץ זיך דאָ מיט אונז
אין טאָל פון אָרימקייט.
מיר זיינען איינגעוואוינער
צופוסנס פונעם באַרג.

געגנוג פאַר אונז די זון
וואָס נאָר פון האַלבן וועג
שפּרייט זי איר ליכטיקייט
מיט שאָטן לעבן זיך.

די באַרג־הויך — פאַרן ווינט,
און פאַר אַן איינזאַמען גאָט
אַ גאָט אַן עלנטן
אויפן קאַלטן שפּיץ.

דו ביזט דאָך אונזערער.
דיך זע איך אַמאָל שטיין
ביים קליינעם בוימל דאָ
אין לאַכנדיקער זון.

זיינע בלעטלאַך גלעקלען זיך
אינם ווינטיקן שפּיל.
זיין דינער שטאַם וויגט זיך
אין שלאַנקן חן.

דיך זע איך שווייגנדיק
לעבן יעדן שוועל פון הויז,
ווען דער אָוונט דאַוונט
צו דעם פאַרגייענדיקן טאָג.

די שטיבער פרומען זיך,
די דעכער שאָטענען,
און פייגלען פליען אַריבער
פון נעסט צו נעסט.

ביזט אין די לופטן דאָ,
ביזט אויף די בוימער דאָ.
לעבן שטוב און שטאַלן
ליגט פאַרשפּרייט דיין רו.

און פונם ברעג הימל
גייט דער מולד אַרויס —
דער לאָמפּ דער זילבערנער
אין דיין שטילן הויז.

און איבער אונזער טאָל
שטייען די שטיבער צושטעלט —
דער שטילסטער ישוב
אויף דער גרויסער וועלט.

# אַ שטאָט־מענטש

אַז דאָס מיטליעריקע מאַנעלע
האָט שוין קיין ווייב אויך נישט,
וועט ער זיך דינגען אַן אַלקיר
אין סאַמע הינטערשטן געגנט.
פון היינט אָן און ווייטער
וועט ער שוין אַפילו ניט מעסטן זיין דורכפאַל,
זיין שלימשלימען גורל צו פירן אַ לעבן
ווי די עטלאַכע מענטשן וואָס ער קאָן דאָ.
אַ פּאָר פון זיי זיינען אים ברודערלאַך־נאָנט,
אויך פון זיי וועט ער איצט זיך שוין אָפּרוקן ווייטער.
ער וויל שוין ניט קיינעם. זיין קעסטל מיט צייטונגען
וועט ער ווי ביז איצטער, אַרויסגיין פאַרקויפן
גאַנצפרי יעדן טאָג סיי זומער, סיי ווינטער,
און קומען דערנאָך אין געדונגענעם אַלקיר
זיך שלאָפנלייגן אין זיין אַלט־שמאָלן בעטל,
און צוימען אַפילו דאָס נאָכטראַכטן וועט ער
און טראַכטן פּאַמעלאַך און ווייניקער,
פון היינט אָן און ווייטער.

נאָך היינט וועט ער אָפּוואַרטן אַ פּעדלער פון אַלטוואַרג
און אים פאַרקויפן די עטלאַכע בעבעכעס
פון די דריי קליינינקע שטומגעוואָרענע צימערן.
אַפילו דאָס בעטגעוואַנט וועט ער אים אָפּגעבן,
נאָר לאָזן פאַר זיך דאָס אַלט־היימישע קופערטל
מיט די מעשענע פּאַסן און קופערנע טשוועקלאַך,
מיט זיין אויסגעקריצטן בחורשן נאָמען אויפן שלאָס
און — נאָכדעם אַרונטערגיין אין די הינטערשטע גאַסן.
עס ציט אים דאָך סיווי אַהין אַלע יאָרן,
ער האָט ליב די אַלטמאָדישע הייזער,
די טונקעלע רויטפאַרב פון די קרומע ווענט
וואָס טריקנט און פּאַלט־אָפּ.
און די געשלענגלטע טרעפּ מיט די אייזערנע פּאַרענטשעס,
די קרומע טראָטואַרן פון צובראָכענע שטיינער.
די געוועלבלאַך פון שפּייז, די טונקעלע קעלערן.
פּאַרברודיקטע ווייבער מיט צושליאָפּעטע שטעקשיך
גייען איבערן גאַס מיט די קעץ פון זייערע שטיבער.

ער ווייס נישט פאַרוואָס סאיז אים נאָנט אַזוי
אָט־דאָס טריבע און וואַרימלאַכע לעבן.
צי דערפֿאַר וואָס עס האָט אין זיך מאָדנע היימלאַכן אומעט,
און טראָגט אין זיך גרויקייט פון עולן און אַלטקייט.
צי דערפֿאַר ווייל פון דידאָזיקע געסלאַך
הערט מען, מען ווייסט נישט פון הינטער וועלכע ווענט,
אַ ווערטערלאָז זשומען פון פרומקייט און אמת.
איז שטעלט ער זיך אָפּ, ווען ער גייט דאָרטן דורך,
און טוט זיך דערמאָנען אָן ישולן, אָן קינדער אויף גאַסן.
ער קוקט זיך אַרום און דערזעט גאָר
אַ טונקעלן מויער אַ ברייטן, מאַסיוון.
אָן אייזערנער פּלויט מיט שטעכיקע שטאַנגען,
און פענסטערלאַך קליינע מיט גראַטעס,
נאָר אויך דאָס איז אים היימלאַך.

ער וועט אפשר, טראַכט ער, טאַקע דינגען אַן אַלקיר
דערנעבן, דאָרט נאָנט צו יענעם פּאַרקאַן.
אָט דאָרט, טראַכט ער אומעטיק־פריילאַך
וועט זיך אָפּטון פון זיין ליִב דער בייסנדיקער עלנט.
וואָס איז ער, וואָס וויל ער, וואָס דאַרף ער דען וועלן?
עס וועט אויף דער ערד דאָך נאָך אים נישט קיין פינטעלע בלייבן,
נאָר שטויב פאַרן ווינט דורכן אָפענעם פענסטער
זיין גרוי ביסל מיסט צו צובלאָזן
נאָכדעם ווען ער וועט אויפן דיל זיך אוועקלייגן
אויפן פּלעק פון זיין שאָטן — אַ טויטער.

# בריוו פון לײדן

דאַכט זיך מיר איך זע מײַן מאַמען
דאָ אַמאָל אין געסל דורכגײן.
און פאַרגעס זיך אַז שוין איך אַפילו
װעל דאָ אפשר לאַנג נישט אומגײן.
יעדער טאָג און מאָרגן װערט מיר גרױער
װיסטער, טױטער.

אַז איך זאָג איצט צו מײַן ליד די װערטער,
הער איך גאָר מײַן בלוט אין מײַנע אָדערן קלאַפּן:
אמת. אמת.

װי זײ טוען מיר װי דידאָזיקע װערטער.
ניט װײַל כ'האָב דאָ עפּעס צו פאַרלירן,
נאָר דער װײטוק װי אַ לעצטער אומרו
װיגט זיך אין מײַן לעבן,
טוליעט זיך מיט גוטסקײט
אין די װענט פון מײַן װעזן.

װײַל ס'איז אױכעט אמת
אַז די טױזנט זאַכן דאָ אַרום, אַנטקעגן,
גאַס און טומל און די פּײַן פון אָרימקײט,
װאָס די שטיבער טראָגן אין די געמיטער —
אַלע זײַנען לעבנס פון מײַן לעבן,
לײַבער פון מײַן לײַב,
קלאַנגען פון מײַן אָטעם.

גאָר מײַן רײדן פאַלט מיט פרומקײט
צו זײער צער און שװײַגן.

כװײס: זײ װעלן נאָכקוקן מײַן לױה.
נאָכציען די הענט פונװײַטן.
איך בין זײער אינגל.

כבין צו מײַן גאַס געקומען
װי צו אַ כאַפּטע קינדער.
אַלײן אַ אינגל, האָב איך נאָר
דערצײלט זײ װעגן אַלטקײט.
כװײס נישט צי האָב איך געמעגט עס,
נאָר איך האָב צו זײ געװענדט זיך:
ס'איז דער טאָג שױן טונקל, װאַרט אַ רגע,

סמעג אייער פּאָרויסגיין צוואוואַרטן אַ ווײַלע.
רוט זיך אָפּ אַביסל.
איך וויל אייך דערציילן עפּעס
וואָס סהאָט זיך געטראָפן
דאָ ניט ווייט ערשט, נעכטן.
דאָ לעבן אייך, נעכטן.

וואָס איז מיין כונה דען,
אַז כטו צום היינט־טאָג זאָגן:
היינט־טאָג, ווער ווי מאָרגן
טו זיך אָן אין ווייסע נייע קליידער
ווי סדאַרף גיין דער מאָרגן.
כווייס: דער היינט־טאָג איז אַ בייזער,
און זיין פיין־געשריי
איז ווי די פיין — אַ גערעכטער.
אָבער, רו זיך אָפּ אַ ווייל, היינט־טאָג
זע די גאַס אונזערע פאַלט אין האַסט־לויף.
זעץ זיך צו אַ רגע,
שפּרייט דיין האַנט מיט ליבשאַפט
אויף דעם הונגער־קוכן.
בענטש אים פאַר די מידע,
רוף אים: ברויט פון מאָרגן.
טייל זיי אויס חלקים
מיט אַ שטילער ברכה
וויל דאָס ברויט פון ליידן
בעט זיך אויף דיין ברכה.

וואָס־זשע איז דען מיין כונה?

# די בני אָדם לייט

זיי בייגן זיך אַלע נאָך איין
אונטערן עלנט פון אייגענע קליינקייט.

אַ באַריר זיי די עלנטע קעפּ
מיט דיין האַנט פון רחמנות ווי קינדער.

נאָר זייער שאָטן אַליין גייט זיי נאָך
אַ פאַרטרויטער אין זייער וועזן און בלוט
אינגם סוד פון פאַרמישפּטן שטאַרבן.

און תמיד וויינט זייער לעבן נאָך הילף.
אפילו אין דער גבורה פון ניצחון,
פאַלן זיי אויך פאַר דיין פוס
מיד און צוזאַמענגעבראַכן.

ווי אַ קליינער פויגל פליט אום
איינאַליין אונטער הימלען פון וואָלקן,
פלאַטערט איטלאַכער איינער פון זיי
אונטער אייביקן לאַנגווייל.

פאַרגיב זיי דעם טומל פון שטעט,
דאָס רייסן פון דר׳ערד דיינע פעלזן,
דאָס שפּיל אין געפלי אינדערהויך,
דאָס בלינדע געשלעג און גשיעג
אין בלוטיקע חרובע פעלדער,
דאָס קינדערשע פאָנען־געוויי.

פאַרגיב זיי דאָס שפּיל־מאַסקאַראַד —
אַ בעטלער פאַרשטעלט פאַר אַ קעניג.
אַ גזלן פאַרשטעלט פאַר אַ נביא,
אַ שווינדלער פאַרשטעלט פאַר אַ קדוש
אַז, ווען סקומט אָן די מידקייט פון נאַכט,
און דו טרייבסט זיי צוריק אין די אַלקערס,
פאַלן זיי אַלע הויל־נאַקעטע פאַר דיר,
אַזוי ווי דו האָסט זיי באַשאַפן.

קנאָכן און קנייטשן
און שלאַבערדיקע פּנימער.

ווייסטקייט פון טויט
אויף די ברעמען און שטערן
און אויף די שפּיצפינגער.

עס הענגען די הענט און די פיס זיי ארונטער
ווי צוטראַטענע שלאַנגען.

צעוואָרפן איבער גאַסן און געסלאַך
די שווערדן און שפּיזן און שפּילן
די העק און די הילצערנע פלעקער,
די פאָנען פון רויט און פון שוואַרצקייט,
די גרויסע פּאַפּירן און טאָוולען
מיט הימנען אויף טאָטערשע נאָטן.

אינדערהויך
קוקן קלוג דיינע שטערן
אויף דער פלאַך פון דער קיילעכדיקער שטומקייט.

אַלע שטיבעלאַך שטייען פאַרלאָשן.
אַלע שוועלן אין גרוי־מידן שלאָפן.

נאָר וואו־ניט־וואו,
ביי דער זייט פון אַ טויער
שטייט אַ שומר —
אַן אַלטער לאַמטערן,
און הערט זיך איין מיט אַ לאַנגן אויער —

צי סגייען נישט קיין גנבים
אָדער — בערן.

# זון

די זון אויף אַלע בוימער און
אויף יעדן פּלויט און בייט.
בייטאָג איז אַזאַ ליכטיקייט,
בייטאָג איז אַזאַ פרייד.

און איטלאַכער וויל שענער זיין
און מערער ווי ער איז.
דער בחור שטרעקט די שטאַרקע הענט,
די מויד — די שיינע פיס:

איך ליג ווי פרישע ערד פאַר דיר,
נעם, פורם וואָס דו ווילסט.
און איך וועל זיך דיר נאָכגעבן
און פילן וואָס דו פילסט.

דער בליק פון אויג — אַ פונק אין ווינט,
דער ווינט טראָגט זריעה אום,
און עפנט אויף דאָס יונגע לייב,
פאַרזייט עס זיס און פרום.

און — סאיז אַזאַ געזאַנג אין גאַס,
און גרויס דאָס קינדערשפּיל
און — אויפן בערגל אונטערן שטאָט,
באַפליגלט דרייט די מיל.

## פאַרגיב

דער נשמה, גאָט, פאַרגיב ניט,
נאָר דעם גוף — פאַרגיב.
זע דעם טרויעריקן צייכן
אויף זיין בלייכער ליפּ.

אין זיין מורא — זיך באהאַלטן
ווי אַ בלודנער הונט,
און געטוליעט צו די ווענט זיך
מיט זיין רויער וואונד.

קראַנקע בענקשאַפט אין די בלוטן,
אָפּהענטיק די האַנט.
און די ווייטקייט פונם הימל
אים — אַ קאַלטע וואַנט.

שווער אַזוי און ווי אַ אינגל,
איינגעצויגן, קליין.
מאַמע, נעם אַ וואַרים מלבוש,
דעק אים וואַרים איין.

זאָלן ווינטן נישט צוטראָגן
אין דער וויסט זיין שטויב.
מאַמע ערד, באַהאַלט אים ווידער
אין דיין וואַרים לייב.

## מידער שיין

זיי זיינען אַלע מיד געוואָרן,
און זייער מורמלנדיק געבעט
אין שאָטן־גרוי פון אַלטע יאָרן:
שיק אונז דיין רו,
די שעה איז שפּעט.

און — ווייט זיינען אוועקגעשוואומען
די גאַסן און דאָס הויכגעבוי.
און שטילקייט האָט אַרומגענומען
פון פעלדגרין און פון הימלבלוי.

און פאַרן זין זיינען געלעגן
די קליינע שטיבער און דאָס לאַנד.
צום טאָל אַראָפּ די זאַמדיקע וועגן,
ווי פינגער פון אַן אָפענער האַנט.

אַ העלער איז דער הימל געהאַנגען,
כאָטש זומער האָט שוין אָפּגעבליט.
אַ שטילער איז דער טאָג געגאַנגען,
אַז מ'האָט געהערט קוים זיינע טריט.

איבער די רוענדיקע בייטן
די קליינע גראָזן דרימלען איין,
און בייגן זיך ווי דינע קנויטן
אין מידע געלע פלעמלאַך שיין.

# לידער

אַלע, אַלע לידער
קלעפּן אויף די ליפּן.
קומען גוטע ווערטער,
קושן זיי אַרונטער.

קומט, נו,
גוטע ווערטער.
קומט אין גרינס געטונקען,
און אין רויט פון זומער,
און אין גאָלד פון תמוז,
קומט.

בינען איבער קוסטן,
בינען איבער קנאָספּן,
זים איז מיר צו פילן
אָט־דאָס זאַפטיקע רינען
פון מיין ווייניקן בלוט
אין אייער בלוט אַריבער,
אָ, גוטע, וואַרימע לידער.
קושט מיך אויס אינגאַנצן,
קושט מיך אויס און לאָזט מיך
דאָ — אַ קוסט פון דערנער
ליגן שטום און וואַרטן
אויפן גאָלד פון הערבסט.

# אייביק

איבער מיר וועט אויך זיך לייגן
דער געשמאַקער טוי־טומאַן.
איך וועל זיין אַ שטיקל גראָז־ערד.
איך וועל מיינע הענט פאַרוויקלען
אין די פלאַנטערנדיקע וואָרצלען
פון אַ לעבעדיקן בוים.

טויט בין איך געווען אַ רגע,
ווען איך בין נאָך דאָ געלעגן
פאַר אייערע נעז און אויגן,
פאַר אייערע ווענט און שפּיגלען,
פאַר אייער געוויין און שרייען
אין דער הוילער גאַס אַרויס.

ווי איר האָט נאָר מיינע ברעטער
אויף דער ערד אַראָפּגעלאָזן,
און די שוואַרצע פרישע קילקייט
פון די שמאָלע פייכטע ווענט
פון די שפּאַרעס דורך די ברעטער
האָט נאָר אָנגערירט מיין קלייד,

בין איך לעבעדיק געוואָרן.
האָט מיין לייב זיך אָנגעכאַפּט
אין די קילקייטן די פרישע,
ווי אַ קערן אַ פאַרזייטער.
און דער שטאַרקער ערדן־אָטעם
האָט מיך שאַרף אַרומגענומען
און מיין לייב באַנייט, באַפרייט.

און דורך דעם געוועב דעם טונקעלן
זיפּט זיך פּונקט ווי דורך אַ הויט
דורכגעלייטערטע זוניקייט.
און די הענט מיינע פאַרוויקלען
אין די וואָרצלען פון אַ בוים —
קיינמאָל אים נישט אָפּצולאָזן,
קיינמאָל אים נישט אָפּצולאָזן.

# אַ שפּין

אין דעם קליינעם הויז פון דער מִשפּחה
וואוינט אַ פעטער מיט אַ מומע.
וואוינט אַ זיידע מיט אַ הויקער,
און אַ באָבעלע אַ דאַרע.
ביידע, ביידע לעבן נאָך.

פּנימער — געקנייטשטע קאָרע.
אויגן — גלייכגילטיקער אומעט.
הענט וואָס קאָנען שוין ניט גלעטן,
און צו גאָט אין זונטיק־קלויסטער
קומען זיי און שטומפּלען תּפילות
אָן אַ טעם און אָן אַ ריח.

נאָר אַן אייניקל האָבן זיי
אַזאַ פינקלענדיקער, פלינקער.
אין אַ זעלנערשן אוניפאָרם
שטעלט ער זיך דאָ אריין אַמאָל
מיטן שטייפן קאָפּ אויפן אַקסל
שפּאַרט אַזש אונטער ביזן באַלקן.
מיט בלאַנקן שווערדל פּאָכט ער
פּיפּיקע סאָלדאַצקע חכמה:
זיידע, האָסט נאָך אַלץ די באָבע?
זיידע, האָסט נאָך אַלץ דעם הויקער?
פון זיין מויל קוואַלט דאָס געלעכטער
ווי אַ שטראָם פון זון אויף וואַסער.
זיידע, גיס אָן נאָך אַ כוסה
פאַר די וואָנצעס פונם קייסער,
פאַר די זילבערנע שפּאָרן זיינע,
פאַר זיין שטאַרקן פערד זיין הויכן
און פאַר אונז, אונז אַלע, אַלע
די געטרייע אונטערטאַנען!
און — ער נעמט פאַר נחת שפּאַנען
פריילאַך, מונטער הער און הין
אַזש — פון די ווינקלען אויף דער סטעליע
האָט זיך אויפגעכאַפּט אַ שפּין,
און פון שפּינוועבס אַרויסגעפאַלן,
און אויף איר אומזיכטיקן פאָדים
זיך גענומען דרייען, וויגן
הער און הין,
הער און הין.

# דורכגעפלויגן

טוט מיר ווען־ניט־ווען אביסל באנק נאָך,
וואָס איך שטיי ביים שוועל שוין.
און אין מיין וועלט ווערט טונקל.
און מיין שאָטן בייגט זיך, בייגט זיך,
גייט שוין פון דער וואַנט אַרונטער.

כוויים עס גוט: נאָך יעדן דור
גייט נאָך אַ טונקעלער, אַ לעצטער.
האָט דאָס לעצטע מיטצונעמען
אין זיין עלנטער פאַרשטומטקייט,
אין זיין שווערן סוד פון שטאַרבן.

האָב איך ביז אַצינד — אַ ווייטער
זיך פאַרטראַכט אין וואָר פון שטאַרבן,
זיך פאַרמאַכט אין וואָרט פון שטאַרבן,
ווי אין אַן אָפּגעזונדערטן קאַמער
הינטער אַלע וועגן וועלט.

וואָס איך האָב דערטראַכט זיך? — פעלדער
פריש און גרין און דורכגעוואַשן
פון אַ נאַכט — אַ קוואַל פון רעגן.
אָפענע גאָלד־זאַמדיקע וועגן,
ביימער — מעכטיקע גיבורים.

דאָס איז הינטער מיר געבליבן
מיין ירושה — וועלט און ערדן.

— וואָס בין איך דען דאָ געוועזן?

אויף אַ צווייג בין איך אָנגעפלויגן,
אויפן געזימס פון אַ שטוב אַן אַלטער
האָב איך אָפּגעשטעלט זיך
און מיין ליד אַראָפּגעוואָרפן,
און — מיט אַזאַ שניט אַ שאַרפן
דורכגעפליגלט אין דער לופטן
און — צוריק, צוריק אַנטלאָפן.

און די טויערן פון די הימלען
און די טירן פון די ערדן —

אָ־פּ־ן.

# פ ר י י ד

געשמאַקע פרייד — זי האָט אויך מיך
ווי האָניק גאָלדענעם געגעסן.
הנאה־געהאַט פון מיר און — גיך
מיך אויסגעשפּיגן און פאַרגעסן.

נאָר מיר איז אַזוי גוט געווען
צו זיין ביי איר אין מויל אין זיסן,
צו זיין אין בלינדקייט און פאַרזען
פון אירע ווייסע ציין געביסן.

און שפּעטער טרויער פון הוילער וואָר
אָן ענגער צער טוט מיר פאַרוועבן. —
דער ריח פון איר בלוט שמעקט קלאָר
אין מיין צוביסן לייב־און־לעבן.

און אויף די לידן שוועבט נאָך אום
איר שיינקייט ווי געהיימער וואונדער.
איך קוק אויף זיי פאַרפייניקט־פרום,
און טייל זיך אויס פון וועלט — באַזונדער —

און ווידער לעב איך איבער זיס
דעם שאַרפן ביס פון אירע ציינער.
און — ווידער ליג איך ביי אירע פיס —
אַ הויפן אויסגעשפּיגענע ביינער.

# שווער

איין שעה אפילו איז שווער באַצווינגען,
סאיז אַזוי קליין און מיד מיין האַנט.
אָ, לידער, קומט, איך װעל אייך זינגען
פון אַלץ וואָס האָט פאַרפעלט מיין האַנט.

ווי אַזוי אַ מענטש קומט אָן צו רייכקייט,
דאָס בלייבט פאַר מיר דער בלינדסטער סוד.
ווי אַזוי אַ מענטש קאָן עס אַ וויג־טאָן
ניו־יאָרק — אַזאַ מין שווערע שטאָט,

װעל איך שוין קיינמאָל נישט באַנעמען,
כאָטש איך, דערשלאָגן און פאַרשעמט,
שלעפּ אויף מיין װעגל זאַמד און ציגל
אויף צו פאַרדינען זיך אַ העמד.

צו קאָנען עסן אַ מאָגער מאָלצייט
און האָבן ביי עמיצן אַ זכות.
און קומען צו מיין קינד וואָס שלאָפט שוין
און קושן גרינג איר קליינעם פּוס.

אין אָונט־װינקל — מיין מזבח.
און אין דער פינסטער אויף מיין בעט —
מיין עלנט צאַרנט אויף אַ רגע
און פאַלט אַרונטער — צו געבעט.

# מ י ר

מיר, די שטערבלאַכסטע פון אַלע.
מידע גופים און נשמות.
אונזער רוף — צו ליידיקייטן
און פאַרקלונגען אין די ווינטן
וויסט פאַרביי די גרויסע גאַסן
וואו די העלע פרייד פון קינדער
וואַקסט אינאיינעם מיטן זונליכט,
ווייט פאַרביי די אָפענע פעלדער
וואו דער פויגל פּיקט זיין קערן,
און דער ערלאַכער בן־אָדם
הויפנט אָן זיין ברויטיק קאָרן. —

ווער וועט אונזער אָרעם לעבן
ברענגען ווען אויף זיינע ליפּן
מיט צוויי בענטשנדיקע ווערטער?
ווער וועט אונזער ליד דען עפענען
און איר שוועל אַריבערטרעטן
ליכטיק מאַכן אין איר טונקל,
וואַרים מאַכן אין איר ווינקל?

נישט מיט ליבּ — מיט פּשוטן אָטעם
ווי פון דורכגייער אין וועלט דאָ,
אונזער נאָמען כאָטש דערמאָנען.

מיר — פון אונטער די גרויע פאָלעס
פונם פאָלק אַרויסגעקראָכן.
אין זיין אָרימהויז געגעסן,
אין זיין אַלטער שול געלערנט,
און דאָס פאָלק —
האָט אונז פאַרגעסן
אויפן איינזאַמסטן וויסטן הפקר,
ווי אויף מיסט אונז איבערגעלאָזן.

מיר, די שטערבלאַכסטע פון אַלע.
שווער און מיד פאַלן צו די פליגל
אויף די אַקסלען פון אונזער ליד.
שלאַבעריק היפּן זיינע טריט,
ווי די פיס פון מידע פייגל
אויף פאַרפראָרענער קאַלטער ערד.

# מקנא

הינטער דערפֿער אויף טאָליקן פֿעלד
בין איך שטילע בית עולמס מקנא.
די איינציקע ביימלאך ביי פּלויטן.
דעם לאַנגזאַמען וואָלקן בייטאָג,
וואָס שיפֿט זיך אין אָפֿענעם הימל
פֿאַרזילבערט און רויִק און — קוקט
אויף דער גרינגער פֿאַרוואַקסענער ערד,
אויף דער אַלטער פֿאַרגראַזיקטער ערד.

און מקנא בין איך דאָס שווייגן
וואָס שוועבט איבער טייכן אַרומעט.
וועלט, רופֿט מיין שטומער געדאַנק,
איך בין הינטער דיין גרויסקייט פֿאַרוואָרפֿן,
בין הינטער דיין גרויסקייט פֿאַרבלאָנדזשעט.
איך זיך טויזנט וועגן און שטעגן
צו אָנזען דעם חן פֿון דיין פּנים,

ווען איך זאָל דיך קאָנען באַנעמען.

איך זע נאָר אַ רו פֿון דיר ווייען,
איך שפּיר נאָר דעם ריח פֿון דיין אָטעם,
און דיין סוד זע איך נידערן פֿון הימל
דורך דער זון איבער פֿעלדער און וועגן.
דאָרט ליגן די בהמות די גרויסע,
די רויטע, די שוואַרץ־ווייסע בהמות
און רוען מיט דער רויִקער פֿולקייט
אַזויווי די בערג דאָרט אַנטקעגן.

און אין מיר —

פֿאַלט די אומרו פֿון רגעם
אַזויווי אַ ביינאַכטיקער האָגל.

הינטער דערפֿער אויף טאָליקן פֿעלד
בין איך שטילע בית עולמס מקנא.

# דער בעל שם טוב ביים פענסטער פארנאכט

און ס'איז געווען שוין אין די שפּעטע טעג
פון דעם בעל שם טוב, איינמאָל
אין אַ שפּעטן טאָג. פאַרנאַכט,
און דער בעל שם טוב רב ישראל
איז געשטאַנען פאַרן פענסטער און אַרויסגעקוקט.
דער הימל האָט געטונקלט,
רויטלאָך האָט געבלייכט דער מערב,
און די זון איז ניט געווען.

ער האָט געקוקט איבערן גאַס, געזען
די שטיבלאָך די צעוואָרפענע,
אידן זיינען פונם מאַרק געגאַנגען, קינדער
האָבן זיך געקליבן אין די שטיבער,
און אַ שטילקייט האָט געהערשט
צעווישן הימל און ערד.

דער צווישן־טאָג־און־נאַכט איבער דער וועלט.
אידן פון די קלייטן, איילן, איילן זיך
צו מנחה־מעריב אין אַ שולכל אַריין.
גוייעס מיט קאַראַבקעס אויף די אַקסל
גייען אויך שוין פונם מאַרק אַהיים,
און אַ רו, און אַן איינגעשטילטקייט
צווישן הימל און ערד.

געדאַרפט האָט דער בעל שם טוב אויך
אַריבערגיין אין שולעכל אַנטקעגן
מנחה־מעריב דאַווענען מיט קהל,
נאָר דאַסמאָל האָט ער דוקא געוואָלט זיין אַליין.
איז ער אַזוי געבליבן ביי דעם פענסטער שטיין,
און האָט געמורמלט דורכן פענסטער אַרויס.

אין שטילטסטער שטילקייט האָט געניגונט זיין געבעט:

גאָט, גאָט מיין גאָט,
און גאָט פון מיינע עלטערן,
אין מיינע שפּעטע טעג,
אין מיינע גרויע האָר,
אין מיין אָפּרוען זיך דאָ
ביים ברעג פון מיין דור,
וויל איך דיר דאַנקען,

ווייל איך דיר לויבן,
גרויסער גאָט.

איך וויל דיר דאַנקען און
איך וויל דיר לויבן, גרויסער גאָט,
וואָס האָסט מיך געפירט
מיט דיין גערעכטער
מיט דיין רעכטער האַנט
אויפן גערעכטן וועג.
און איך בין נאָכגעגאַנגען נאָך דיין טראַט
אויפן גלייכן וועג,
און נישט צום וועג אַרויף.

צי איז פאַר דיר
דער הימל ווייט דען פון דער ערד.
צי איז פאַר דיר
דער הימל העכער פון דער ערד.
פאַר דיר איז דאָך דער הימל און די ערד
איין און די אייגענע וועלט,
איין און דער אייגענער וועג.
און ווען דו האָסט מיר
מיינע אויגן אויפגעהעלט,
און כהאָב דערזען און געזען
ווי אַזוי ד׳האָסט אויפגעשטעלט דיין וועלט
ווי מען שטעלט אויף אַ פּראָסט געצעלט,
בין איך אַוועקגעגאַנגען,
בין איך אַראָפּגעגאַנגען
אינם שטילסטן טאָל צווישן די בערג,
און כבין מיט דיר געווען,
און ביזט מיט מיר געווען,
און מיר האָבן זיך צונויפגערעדט,
און מיר האָבן זיך באַהעפט,
ווי די טאָלן מיט די בערג,
ווי די טאָלן מיט די בערג.

איז, דאַנקען וויל איך דיר,
איך וויל דיר דאַנקען,
איך וויל דיר לויבן, גאָט,
וואָס דו האָסט זיך צו מיר
אין מיין קליין־פּשוטקייט געקערט,

און האָסט מיך אין מיין פּשוטקייט דערזען,
און אויף מיין פּראָסטקייט מיך געלאָזט באַשטיין,
און האָסט מיך פאַר דיין בעלפער נאָר געמאַכט.
און מער ווי אלף בית האָב איך דאָך נישט געקענט,
ווען דו האָסט פאַר דיין בעלפער מיך געמאַכט.
האָב איך געלערנט פּראָסטן אלף בית
מיט דיין גרוים פאָלק ישראל.

און געבראַכט האָסטו מיך צו דיין פאָלק
ווי צו אַ פאָלק פון קינדער,
קינדערישע ערלאַכע אָרימעלייט.
ביי זייערע קלייטלאַך, אינם מארק פאַררוקט,
האָסטו מיך געהייסן זיך אָוועקשטעלן
און רעדן צו זיי אלף בית.

און דו האָסט מיר פאַרטרויט דעם סוד
פון אַלע טיפע סודות אינם אלף־בית.
דו אַליין האָסט דאָך מיר בלויז געלערנט אלף בית,
דו אַליין האָסט מיר געזונגען אלף בית.
און מיט דיין פּראָסטן אלף בית געזאַנג,
האָסטו מיך צו דיין פּשוט פאָלק געשיקט.
און האָסטו מיר דען ניט געגעבן צו פאַרשטיין,
אַז אָט דער פּראָסטער ערלאַכער אלף בית
איז ווי דאָס האָלץ, ווי דער ליים און זאַמד,
און ווי דאָס וואַסער — אינם מייסטערס האַנט
ווערט דערפון אַ ציגל, אַ שוועל,
אַ טיר, אַ פענסטער, אַ וואַנט,
אַ שטוב, אַ ישוב, אַן אָפּרו־אָרט.

און — מה טובו אוהליך, יעקב.

גאָט מיין גאָט,
און גאָט פון מיינע עלטערן.
די וועלט איז אַזוי פּשוט,
און זי ווייסט עס נישט.

די וועלט איז אַזוי ערלאַך־אָרים
און פאַרשטייט עס נישט.

די וועלט איז אַזוי אמת,
די וועלט איז אַזוי אמת־שיין,

און זי באַגעמט עס נישט,
און זי דערזעט עס נישט.

גאָט מיין גאָט,
און גאָט פון מיינע עלטערן,
דו ביזט מיין שטאַרקער עדות
אַז פון די פאַררּיסענע
האָב איך זיך אָפּגעקערט,
ווייל זיי האָבן זיך אָפּגעווענדט
פונם פשוטן פרומען פאָלק
וואָס לערנט אַלף בית.
און ווי אַ בעלפער
טראַגט די קינדער אויף די אַקסל
דורך די בלאָטעס פון דער גאַס,
וועל איך אויף מיינע פלייצעס
איבערטראַגן דיין קליין פאָלק ישראל
איבערן שלעכטן קרומען וועג,
איבער די בלאָטעס און די קאַליעזשעס,
איבער די וויסטע הינטערגעסלאַך
אין דער נאַכטיקער פינסטערניש,
און וועל פאַרמיידן פון זיין האַרץ
דעם פחד און דעם שרעק
פאַר די בייז־באַגעגענישן,
פאַר די ווילקולאַקעס,
פאַר ישיכורים,
פאַר גזלנים־גויים
און די בלאָטעס,
און די פינסטערנישן
פון דער נאַכט.

ער איז מיר גרינג,
ער איז מיר ליב,
ער איז מיר זיס, דער עול, —
זיין דער בעלפער
ביי דיין פאָלק ישראל.

כהויב אויף מיין פנים צו דיין ליכט,
און דערזע דיך ווי די זון לעבן מיין זייט.
נייג דיין פנים צו מיין פנים, גאָט,
ווי דו נייגסט אים זוניק, וואַרים,

אויפֿן בוים אין פֿעלד.

רו אויף מיר מיט דיין גרינגער שיין,
ווי דו רוסט איבער אַ גראָז אין טאָל.

פֿאַרזיי דאָס שווייגן,
דאָס קליין־שטיל־זיין פֿונם גראָז
אין געביין פֿון מיין לייב,
און ווייז מיר אָן אַן אָרט
מיין קאָפּ אין שלום אָנלענען
און איינדרימלען אין רו,
איידער נאָך עס פֿאַלט איבער מיין ברעם
אַ מינדסטער שאָטן עצבֿות
פֿון מיינע שפּעטע טעג.

אַט שטיי איך פֿאַרן פֿענסטער דאָ אַליין,
דער פֿאַרנאַכט ווערט טונקעלער, אידן גייען
צו מנחה־מעריבֿ אין די שולעכלאַך אַריין,
און הייליק איז די קליינע גאַס —
איך פֿון מיין שטוב ביים פֿענסטער דאָ,
דו — פֿון דיין הימל דאָ־אָ לעבן מיר,
ביידע קוקן מיר זיך פֿרומע איין
ווי אידן גייען אין די שולעכלאַך אַריין.

און — טונקעלער, טונקעלער ווערט פֿון טאָג דער שיין,
און טונקעלער ווערט די וועלט.

# אַן אָרון

אונז וועט אראָפּשווענקען
דער ברודנער שטראָם.

נאָך אונז וועט אָנקומען:
א שטילער פרילינג־ברעג,
א יונגער אינדערפרי,
א פליעסק פון א נאָנטן טייך,
א פלאַטער אין דער לופט
פון א מונטערן שטאַרקן פליגל —

די בשורה פון דעם נייעם טאָג.

און ביי אונזער צוקאָפּנס
וועט אונזער קליין־געביין
אין שטיין זיין איינגעקריצט —
איין גרויער אַלטער נאָמען.

כאָטש מיר האָבן געטראָגן
אויף אונזער הויכן רוקן,
אויף אונזער גרויל און וויי
די שיף צו נייע ברעגן,
וועט די פאַרגעסנהייט
פאַרשפּרייטן איבער אונז
איר קאַלטן ליילאַך שניי —

איר טויטע ווייסע האַנט
אַריבער אונזער וויי.

און טויט,
טויט־פאַרמאַכט וועט זיין
דאָס שטילע טרויער־העפט,
וואו אונזער וואונדיקע האַנט
האָט איר משפט איינגעקריצט,
דעם זיגל אָוועקגעלייגט
פון גליווערדיקן בלוט..

אַרום אונזער שטומער וועלט
א טויטער גרעניץ־פּלויט.
קיין לעבעדיקער פוס
טרעט קיינמאָל נישט אַרויף.

די ערד —
איין גרויסער אָרון
האָט אונז
אין זיך
פאַרהאַקט.

און — טראָגט אונז
ווייטער,
ווייט.

און טראָגט אונז
טיפער,
טיף
אין איר פינסטערניש אַוועק.

# ליכט

א.

אומעטום דיינע גענאָדן.
וועסט מיך פון פייניקונג היילן.
האָסטו באַגערט דען מיין שאָדן?
אַלץ איז פאַר מיר דאָך פאַרהוילן.

כּזע וואָס איך זע מיט די אויגן,
רוף איך עס אָן ביי אַ נאָמען.
שענער — דאָס גאָלדענע שווייגן
אונטערן ברעט פון מיין גומען.

בייגן זיך פרום מיר אַריבער,
ווי ביי אַן אַלטן, די ברעמען.
כּוויל צו דיין גרעניץ אַריבער,
בעט איך, זאָלסט קומען מיך נעמען.

שטילקייטן וועלן זיך שפּרייטן
איבער די אָפענע וועגן.
רו פון די ליכטיקע ווייטן,
לויטערע הימלען אַנטקעגן.

דאָ, — אינדערפריען, פאַרנאַכטן,
נעבט אין צוריסענעם דרימלען —
איז נאָר מיין גרעניץ פון וואַרטן
צו דיינע ערדן און הימלען.

לעצט־לעצטע זיי־געזונט־בליקן
שיק איך צו שטיבער און דעכער.
זע פאַר זיך ליכטיקע בריקן
העכער און העכער און העכער.

ב.

צו מיין ווייב

אָט די קליינע אונזערע, שיינע,
וואַקסן, וואַקסן, ווערן גרויס.
דו ביזט אויך געווען אַ קליינע
אין דיין שיינער מאַמעס הויז.

ביזטו פאַר מיר אויסגעוואַקסן
און דו ביזט געשמאַק און וואויל.

חנעוודיק — דיין ווייסן אקסל
טראָגסטו צו מיר צו מיין מויל:

קוש, נאָר — גרינג און לאָז ניט איבער
דאָרט קיין סימן, הערסט צי ניין?
בווינגסט דיין מויל צו מיר אריבער
מיט דיין גאַנצער זון מיט ציין.

נעמסט מיך ארום האַלז ארומעט,
און — די אויגן צוגעמאַכט.
און אַזאַ מין פרייד און אומעט
הינטער דיינע ברעמען — לאַכט.

און די ליפּן — ציטריק־אָפּן,
עפּענען זיך מערער אויף —

— — — — — — — — — — — — — —

ווייסע קליינע קינדער שלאָפן
מיט די שיינע פּיס ארויף.

און זיי שעפּן מיט די ליפּן
זאַפטיקן און זיסן שלאָף.
נאָכדעם הויבן זיי די קעפּלאך
העל און שיין פון קישן אויף.

ג.

לאָזט מיך נאָר דאָ איבערוואַרינען
אַ געבליבענעם פון פרי'ר.
מיט מיין עלנט אין די ווינקלען
מיט פארלאָזנקייט ביים טיר.

איינשטילן מיין הונגער וועל איך
מיט געבליבענע ברעקלאך נויט,
און דאָס לעצטע מאָגערע ברעקל
וועל איך טיילן מיטן טויט.

אָוונט. פון דער וויסטער ווייטקייט
קומען שאָטנס גרויס און ברייט.
אינם מערב אַ פארברענטער
פון דער זון דער רויטער קנויט.

ווי אַ שארף אויף בוימערצווייגן
הער איך און אַן אָטעם ווייט.

זיץ איך ביי דעם טיש אין שווייגן
און מיין סעודה איז געגרייט.

אין דער אָפענער טיר, אַ שמאָלער,
און זיין מאַנטל, שוואַרץ און לאַנג,
קומט ער שטיל אַריין און זעצט זיך
לעבן מיר דאָ אויפן באַנק.

עסן מיר דעם לעצטן מאָלצייט,
עסן שווייגנדיקערהייט.
הויבט ער אויף פון אָרט זיך פלוצלונג,
און ער האַלט זיין אָרעם גרייט.

ביי דער שוועל — וואָס פאַר אַ וואונדער!
די לבנה לויכט און העלט.
אַלע צוגעמאַכטע טויערן
שטייען אָפן אין דער וועלט.

ד.

אַלטער טאָג האָט מיך געבוירן,
בלודנער גורל פירט מיך אום.
וועלט — אַ פּלאָנטער פרעמדע גאַסן,
וועלט — אַ לאַנד פון פרעמדע שטעט.

כקום פון אַן אַלטמאָדיש דערפל
סרופּט זיך כלומרשט אָן אַ שטאָט,
ענג־פאַרוואַקסן — גאַס — בית עולם,
שול מיט מאַרק און קינד מיט גאָט.

קינדהייט אָרימע — אויף מאַרקן,
צווישן פורן, גויים און הינט
שלעפּט אַרום זיך אונזער מאַמע
קויפן עפּעס צום פאַרדינסט.

און פאַרנאַכט אַ מידע, קליינע
זיך אין ישטוב אַריינגעשאַרט.
אין איר קאָשיק — אַן אַלט ברויטל
און אַביסל קעז געבראַכט.

אַרום טיש אַרומגעשטעלט זיך,
וואַרטן: שווייגן שטום־דערפרייט.

יעדער מיט זיין חלק מאַמע,
מיט זיין חלק קעז מיט ברויט.

אַנגעגאָסן גאָז אין לעמפּל
אַ שפּיץ קנויט אַריינגעדרייט,
זעצט זיך לעבן אונז די מאַמע
ביי אַ שטיקל קעז מיט ברויט.

ו.

פאַר שלעפּערס לאָז איך מיינע לידער,
פאַר אָרימע און בלודנע לייט.
כבין אין דער וועלט אַ הונט אַ מידער
און שטענדיק פון איר ישוב ווייט.

כוואָלט אָפּגערוט זיך ביי אַ שייער
פאַרנורעט אין מיין גרוי געביין.
פון ווייטע שטוב־פענסטער דאָס פייער
פאַלט ווארים איבער מיין געביין.

בין פון פאַרוואָגלטקייט דערקראָכן
פאַרנאַכט צו אָט־דער גוטער וואַנט.
פון שטום־פענסטער — דער אָנדערוואָכן
ציט פרידלאַך אויס צו מיר זיין האַנט.

אָ, אָנדערוואָכן, פריינט געטרייער,
מיט ברויט און וואַסער אויף דיין טיש,
און וואַרימקייט פון לאָמפּן־פייער,
אויף ערד אויף זיכערער — די פיס.

דאָס איז נאָר אין מיין חלום, ליבער.
ער צינדט זיך אָן אין מיין געדאַנק —
כהאָב ליב צו זען די אַלטע שטיבער
וואָס זיינען גריבער שוין פונלאַנג.

און די שבתים, אָנדערוואָכנס —
דאָס קריץ איך מיט מיין נאָגל אויס
אַ היימלאַך־טרויעריקן צייכן
ווי אויפן שוועל פון מיין מאַמעס הויז.

כוועל טויזנטמאָל אַהין נאָך קומען,
כאָטש סאיז די שוועל שוין לאַנג צושטערט.
סקאָן עפּעס דאָרטן ניט פאַרשטומען
דאָס בלוט וואָס רופט פון יענער ערד.

# מאָנטרעאל

א.

דו ווערסט מיך, גאָט נישט אויסלייזן,
איך ווייס, דו ווערסט נישט. גאָט.
איך וועל אַזוי אין ליד פאַרגיין,
אַ פרעמדער אין מיין שטאָט.

צי מיט מיין ליד, צי אָן דעם — כוועל
דאָ בלייבן נישט־דערקענט.
ווי זונפאַרגאַנג אין ווייטן ברעג,
מיין קראַנקער טאָג פאַרברענט.

איך האָב געשטעלט מיין ערשטן טראָט
אין עלנט, ווי אין טויט.
דער שווערסטער אומעט אויף מיין שוועל,
מיט סם פון שאַנד — מיין ברויט.

ווען קיינער זעט ניט, בויג איך זיך
אַלץ נידריקער צום שטויב.
און — כהאָב דאָך ליב דאָס קול פון וועלט,
דעם שמייכל פון אַ שויב.

און קינדער שפּילן זיך אין גאַס,
און גרויסע — אויפן מאַרק.
און שטאָלץ אַזוי שטייט אין מיין שטאָט,
אַנטקעגן מאַרס — דער באַרג.

ער שטייט אין קאַלטן ווייס אַצינד
אין קלאָרן ליכט פון שניי.
ווי הירשן, הערנערדיק און הויך,
די ביימער — ריי נאָך ריי.

דאָרט האָט דער ווינטער אויפגעשטעלט
זיין קעניגלאַכן טראָן.
דער צלם ברענט אַ גאַנצע נאַכט,
ווער ווייס — פון אייביק אָן?

ער וואַרפט זיין ליכט אויף מייל־ווייט,
נאָר בלאַס ווערט ער און בלייך,
ווען נאָר דער נאָרדשיין־פויגל קומט
און שפּילט זיך אינדערהויך.

ב.

געווין איך די ערד נישט אין בליאונג,
וועל איך אין מיין טויט איר געווינען.
דער גאָלדענער וואָרים מיט פליגלען
וועט פלאַטערן פרייד אויף מיין קבר.

סוועט זיין אַזאַ רו אויף די הימלען,
ווען איר וועט אויף אייערע אַקסלען
מיך טראָגן — אַ קינדערישן קעניג
צו זיין געהאַפּטער מלוכה.

שוין לאַנג אַז איך האָב דאָ געענדיקט
דאָס גאַרן, דאָס נאַרן — אַרויף־זיך.
און סליגן מיינע אָרימע מעשים
ווי מאָגערער שניט צו די פיס מיר.

האָב איך אייך דען צוגעזאָגט מערער?
לאָזט רואיק מיר קומען פרימאָרגן,
און טרינקען די זון מיט די אויגן,
און דאַנקען מיט רואיקן שווייגן.

מיין וואָרט איז נישט ווייטער דערגאַנגען
ווי ביז צוויי־דריי חברשע שוועלן.
ווי גוט וואָס עס ווייס נים מיין שכן
מיין שטראָף, מיינע ברכות פון עלנט.

איז ער אָפּט מיר אַ לויטערער שפּיגל
צו זען זיך אַ רגע אין תמימות.
און — ספּאַלן אַראָפּ פון מיין אַקסל
די שיינע פּאַפּירענע פליגל.

פון שוועל זאָגט ער ליב מיר: גוטמאָרגן
און גייט צו זיין שוסטער־געוועלבל.
ענטפער איך שטיל אים: גוטמאָרגן
און — לאָז זיך אין היימלאָזע דרויסנס.

# III

## קלאַנגען

כוויל הייליקן דאָס קלענסטע ביסל נוטס.
דעם טראָפּן ראָסע אויפן צינגל פונם גראָז.
דעם טראָפּן זון איבער אַן אַלטער ברעם.
ווייל יעדער גוטע שעה איז טרייסט און גענאָד.
אָט האָסטו מיך אַליין אַזויפיל מאָלע־מאָל
שוין אויפגעוועקט פון לייד און ווי אַ שווערן שטיין
פון מיין געביין אַראָפּגעקייקלט די אַנגסט,
און איך בין ווידער דאָ אַ פרייער אָרימאַן.
האָב גאָרנישט נישט אַחוץ דעם טויטראָפּן פון וואָרט
אויף מיין פאַרשמאַכטער ליפּ.

(פון די דערפער: קאָרעץ, ניו־יאָרק און מאָנטרעאָל)

### א.

האָסט איבער מיין שטיבל גענידערט
דעם וואָלקן פון רואיקן אומעט.
נאָר בעטלער־פאַרבייגייער גרויען
בייטאָג דורך מיין סטעשקע.
אויף די סטויגן פון היי
לאָזן שוואַרץ זיך אַרונטער די אַלטע קראָען
און קוקן אַרום זיך מיט פרעמדקייט.

איך בין דאָ אין אַ חרובער פעלדשטוב.
פון גרויס־ניויאָרק קום איך דאָס,
אַן אָפּגעריסענער אָפּגעשליסענער בעטלער.
ווי אַזוי כהאָב ביז איצט אין ניו־יאָרק זיך געהאַלטן?
געהאַנגען אין לופטן פון וויליאַמסבורג־בריק־שטריק
אויף אַן איינציקער האַנט — אַרונטערצופאַלן.

און אָט בין איך דאָ און — הינטער מיר
זייערט זיך אַ פאַרגאַנגענהייט דאָרטן. —
כאָטש אַ דערוויש צו ווערן — זיך ברייטלאַך אוועקזעצן
איבער אַ אידיש־בלאַט, די קני אונטער זיך,
און דערציילן אין פּרקים מיין טויזנט־און־איין־טאָג
וואָס האָט דאָ געטראָפן מיט מיר טאַקע „זיעלבסט".
זיי קלינגען ווי אמת די מעשׂהס, נאָר איך,
זייער לייבלאַכער עדות — איך וועל זייער ליגן.
נאָר, זאָל זי זיך זייערן דאָרט די פאַרגאַנגענהייט מיינע,
כבין עלטער פון איר מיט אַ לאַנגן תּחום־שבת.

מיט מיינע בני דור האָב איך סיי קיין פּיפּיק ניי־מווידישע
וואוויליונגערישקייט לאַנג נישט געפּראוועט.

און איך בין אָט־דאָ אַן אַנטלאָפּענער,
גיי אינדערפרי אינם קרעמל זיך איינהאַנדלען עפּעס צום נפש
און אַ בריוול קומט מיר אויך דאָ נאָך אַן אַמאָל
פון איינעם דאָרט אין איסטבראָדוויי גאַס —
ער קערט אויס בייגאַכט דאָס מיסט אין רעדאַקציע קעלער,
און האָט נאָך דערצו אַ פּאַרדינטן שם
פון אַ דיכטער — אַן ערשטער —
אַן אמתער האָן מיט אַ גאָלדענעם קריי
אויפן פּלויט פון דער ליטעראַטור,
ער האָט זיך דאָרט איינמאָל אַ שטאָלצן זינג־געטאָן:
גוט־מאָרגן דיר, אידישע ליטעראַטור! '
איז פּלוצלונג געוואָרן אַזוי זוניק און ליכטיק
אין אַלע פענסטער פון דער ליטעראַטור.
נייער טאָג אין דער ליטעראַטור.

און בייגאַכט האָט ער שוין ווידער געקערט מיטן בעזים
דאָס מיסט אין דעם טונקעלן רעדאַקציע קעלער
אויף דער מאַנהעטענער איסטבראַדוויי
ניט ווייט טאַקע פון דער אידישער ליטעראַטור.

ב.

פרעמד, דערווייטערט פונם נאָנטן,
לעב איך דאָ אויפן דערמאָנטן.
אויך דאָס נעכטיקע דערמאָנטע
האָט דאָ אויף דער ערד ניט קיינעם,
לעבן מיר אינאיינעם.

דערציילן מיר זיך אַלטע נייסן,
פון אַ ווינטערטאָג אַ ווייסן
אויף וואָלין אין דער אוקריינע
אין אַ קליינער שטאָט אַ ווייטער.
שליאַכן לויפן ווי די רייטער.

גרויסע, אויסגעוויקלטע וועגן
ווייס אין ווינטער איינגעהילטע,
און אַזעלכע איינגעשטילטע,
נישט קיין פעדער אויפצוהויבן —

פעלדער — שלאָפנדיקע טויבן.

קליינע וועלדלאַך — גרינג־צעוואָרפן.
מיט אַזאַ־מין ישניט אַ שאַרפן
שניידט זיך דורך אַ קראָ אין לופטן,
און אין גיכן פלי פאַרפלויגן
פון דעם הימלס בלויע אויגן.

ג.

קליין, ביי־דר׳ערד, בויגט זיך מיין לעבן
גרויער גורל פון מיין וועלט.
אויך מיין וואָרט איז מיד־געבויגן
און מיין ליד — אַן אַלט געצעלט.

וואוינען וואוינט דאָרטן אַ בעטלער,
און צוקנייטשט איז זיין געזיכט.
שפּעט אין אָוונט ביי אַ ספר,
און ביי אַן אַלטמאָדייש ליכט,

זיצט ער, לייענט דאָרטן פּסוקים,
תורה — מעשות פון אַמאָל:
האָט פאַרקליבן אין די בערג זיך
דער בעל שם טוב אין אַ טאָל.

אין אַן אַלט, אַלט גוייאיש שטיבל.
איבערן פענסטערל — אַ נעסט.
וואַרפט די פייגעלאַך די ברעקלאַך
פון אַלצדינג נאָר וואָס ער עסט.

די צוויי ציגן פונם ישכן
קומען זיך צו אים צוגיין,
און דער חזיר מיט זיין סוויטע —
צוואַנציק חברה — קליין און ריין.

און דער האָן מיט זיינע הינער
ווייסע, ראָבע, גאָלד און ברוין.
טרעפט טאָקע אַז דער בעל שם טוב
עסט קיין ביסן ניט אַליין.

## וויגליד

דער פֿאָרהאַנג — אַריבערן
פֿענסטער פֿאַררוקט.
דורכן פֿאָרהאַנג — דער שאָטן
פֿון ביימעלע קוקט.

דאָס ייִנגעלע שלאָפֿט
אין זיין וויגעלע איין.
דאָס ביימעלע — שטיל
קוקט אין פֿענסטער אַריין.

דאָס ייִנגעלע — קליין,
און דאָס ביימעלע — דין.
דאָס ייִנגעלע — שיין,
און דאָס ביימעלע — גרין.

האָב איך פֿאַרוויגט
מיין קליין ייִנגעלע רו'ן.
דעם ביימעלע וויגט
ווי אַ מאַמע — די זון.

עפֿנט נאָר ייִנגעלע
אייגעלאַך אויף,
רוק איך דעם פֿאָרהאַנג
פֿון פֿענסטער אַרויף.

די צווייגן פֿון ביימעלע
וויגט אום דער ווינט.
אַ וואַרימער זוניקער
ווינט — מילד און לינד.

און אויף מיין ייִנגעלעס
קעפּעלע קליין,
וויגן די גאָלדענע
לאָקן זיך שיין.

וועלן די טעג ווערן
וואַרים און גרוים
נעם איך מיין ייִנגעלע
צום ביימל אַרויס.

הויב איך אים אויף
אין דער הויך אויף מיין שויס
איז ער אזוי ווי
דאָס ביימעלע גרויס.

ביימעלע, ביימעלע,
קוק זיך נאָר אום,
מיין אינגעלע נעמט
דיינע צווייגן ארום.

מיין אינגעלע גלעט
דיינע בלעטעלאך גרין.
מיין אינגעלעס פינגערלאך
זיידן און דין.

מיין אינגעלעס פינגערלאך
ווייסע ווי שניי.
ליכטיקע זון שפרייט
איר גאָלד איבער זיי.

# לויטערע רו

ישנירלאַך און שורהלאַך וואַסערן
רינען אין שטילקייט פון טאָל.
פרומקייט, אין נידער פון גראָזן,
רעדן צום ווינט אָן אַ קול.

שטילער נאָך העלף מיר פאַרשטילן
מיין שטים אינם וואָרט פון מיין ליד.
ווער דאַרף דען וויסן מיין גורל,
מיין וועג, מיינע טעג, מיינע טריט.

ווער דאַרף דען וויסן אַז איך האָב
אויף זאַמד און אויף אַש דאָ געבויט,
מיין וואָר און מיין וועלט ווי אַ בלינדער
אין חלום פון בלינדקייט פאַרטרויט.

אין אַלע פאַרלאָרענע וועלטן
וועט מיינע אויך אומקומען וואו —
אַ גראָז אין אומענדלאַכע פעלדער,
די פעלדער מיט גראָז זיינען רו.

דאַרף דען די פשוטקייט לידער?
דאַרף דען די אָרימקייט לויב?
דער הימל און פעלד — לויטער שווייגן
די זון — אַ גינגאָלדענער טויב. —

שטילער ווי וואַסערלאַך גרינגע
רינט פון איר גאָלדענעם קוואַל
דאָס ליכט צו די קינדער אין פענסטער,
אין שפּאַרע צום קעלבל אין שטאַל.

# וויי

ווי שווער איך שרעק זיך פארן בייזן.
א מינדסטער טראפן גוטס דערפרייט,
אז סדאכט זיך מיר דו ווילסט מיר ווייזן
דעם גרעסטן אוצר פון דיין פרייד.

און גוט איז ער אזוי דער טראפן,
און שארף און שיכור איז זיין וויין,
אז ביי מיין שלאפלאזן צוקאפן
דער מלאך פונם שלאף בלייבט שטיין

און בייגט זיך איבער מיר א גרינגער,
און שפרייט אויף מיר זיינע ווייסע הענט
און — ווי מלאכים נעמען זיך וויגן
אין גוטסקייט ארום מיר די ווענט.

און ווי א גוטן דופט א פרישן
שפיר איך דעם שלאף ווי ער ווייט און ווייט
מיר אויפן פנים פונם קישן
מיט אזא מילדער פרידלאכקייט.

זאלסט מיר נישט קיין חלומות געבן, —
וואס דארף איך זיי? וואס דארף איך זיי?
נאר וויג און רואיק איין מיין לעבן,
מיין לעבן טוט מיר אזוי וויי.

## צו... פון...

א.

טייערער, טייערער,
נאָדיר מיין ליבשאַפט.
כ'וויל הערן דיין ריידן.
כ'וויל זען דיינע אויגן.
כ'וויל וואַרימען, וואַרימען
מיין מויל און דיינע האָר.

איך וויל צו דיר גוט־זיין.
איך וויל צו דיר זיס זיין.
נאָדיר מיין ליבּ,
און מיין ליכטיקייט נאָ.
גוט איז מיר, גוט איז מיר,
מיר איז איצט אַזוי גוט
צו זיין דיר אַזאַ
ווי דו דאַרפסט,
ווי דו ווילסט,
ווי דו פילסט.

איך פיל
ווי דו פילסט —
מיין גוטסקייט,
מיין זיסקייט
מיין בלוט און מיין לייב
אַריבערזיכזינגען
אַריבערזיכזייען
אין בלוט פון דיין לייב.
אין ליכט פון דיין לייב.

ב.

דו האָסט מיר געזאָגט:
ביז צו דיר,
און ביז היינט,
האָב איך גאָרנישט געהאַט,
האָב איך גאָרנישט געוואוסט:
נישט פאַרוואָס איך בין דאָ
נישט פאַר וועמען צו זיין,
נישט די שיינקייט אויף מיר,
נישט די בליאונג אין מיר,
נישט דאָס וואַקסן
דאָס רייפן

די שיינקייט,
די שלאַנקייט,
דעם שטאַם פון מיין גוף,
דאָס גליק, נישט דעם רוף,
די פרייד פון מיין אויג.

און איך גלויב נישט אפילו
אַז אָט ערשט, אָט־ערשט
קומסטו פון דער ווייט,
אַז דו ביזט געווען פרעמד,
און אָן מיר ביז אַצינד.

דו ביזט תמיד געווען אין מיר,
און איך האָב דיר געהאַט.
דאָס האָב איך דיך געהאַט
אַזויווי מ'האָט אַ קינד
מיט וויי און מיט פרייד,
מיט וויי און מיט בלוט
און מיט בליאונג און זון.

דאָס האָב איך דיך געהאַט,
און האָב דיך געמאַכט גרויס,
און האָב דיך געמאַכט שיין.
און אריינגעהויכט אין דיר
מיין אָטעם און מיין זון,
מיין ליכט און מיין חן.

מיין ליכט און מיין חן.
ג.
אַנקער מיך צו דיין גרונט.
פלאַנץ מיך איין אין דיין גוף.

דו ביזט זון.
דו ביזט זאַפט.
דו ביזט בלוט.
דו ביזט טעם.
דו ביזט וואַרים גענאָד.

צווייט.
ריח.
ליכט.

נײנצניאַריק לײב.

פֿאַרװיקל מיך.
פֿאַרװיקל מיך
מיט דײַן גרין.
מיט דײַן זײד.
מיט דײַן הױט.
מיט דײַן גאָלד.
מיט דײַן רױט.

אַנקער מיך צו צו דײַן גרונט.
פֿלאַנץ מיך אײַן אין דײַן גוף.

# אַ קלאַנג

אורחים אַרום אָרימע טישן,
און פֿאַר יעדן קאָפּ — אַ קישן.

וואו זיינען מיר אויפגעצויגן?
היימען אַלטע, — איינגעבויגן:

ווענט און סטעליע, טאַטע, מאַמע —
אַלטע, זייער אַלטע שטאַמען.

דורות אַלטקייט, מיד און אָרים,
יורדים איבער רייכע קברים.

לעצטע אייניקלאַך און זקנים,
האַלטן זיך פֿאַרטרויט אינאיינעם.

איך — דער אינגסטער,
איך — דער עלטסטער,
איך — דער קלאָרסטער
און — פֿאַרשטעלטסטער.

האָב שוין ניט אַוואו צו קומען
הערן כאָטש אַ וואָרט אַ פֿרומען.

כאָטש אַ קלאַנג
וואָס זאָל דערהויבן —
שיר השירים,
שטילע טויבן.

שטילע, ליבע טויבן ברומען:
אבוא, אבוא, איך וועל קומען

גאָט, אין דיינע שטיבער לויבן.
שיר השירים, שטילע טויבן.

# ווי ווינט

פּאַרוואָס־זשע ווילן זיי דאָ אַזויפיל,
אַז אינם מינדסטן רוט דיין ריין געגאָד.
און ווי דער דורכפלי פון אַ פויגל — אַזוי שטיל —
און — רייף און אָנגעלאָדן מיט זיין ליכט און וויין
שטייט שווער מיט זיינע עפּל־קעפּ דער סאָד.

אַ מענטש דאַרף האָבן אַ קליין הויז, אַ דאַך,
אַ שעה פון אָפּרו נאָכן טאָג פון מי.
פאַראַן אַן ערלאַך אויג וואָס היט און וואַכט,
פאַראַן אַן ערלאַך האַרץ איבער אונז אַלעמען,
וואָס האָט אונז קיינמאָל נאָך ניט אָפּגענאַרט.

דערפאַר איז גוט כאָטש איינעם פון צענטויזנט דאָ,
וואָס האָט פון אייגענער ענגשאַפט זיך אַרויסגעשפּאַרט,
און איז געקומען אין אַ געבענטשטער שעה
און סהאָט די וועלט פאַר אים איר טיר
מיט פּאָטערלאַכער גוטסקייט אויפגעמאַכט.

אויך איך האָב נאָך נישט האָפן אויפגעהערט
צו קאָנען ווען עס איז צושפּאַרן מיינע ווענט,
און אָפּרייסן מיין פוס פון מיין פאַרשטאַרטער ערד,
און פון מיין עלנט, ווי פון אַ זשאַווערדיקער קייט
מיט גוואַלד אַרויסצורייסן מיינע הענט.

און — אָפן מיטן פנים אין דער ווייט, פּאַרויס,
זיך אָפּגעבן ווי זון, ווי רעגן צו דער וועלט.
ווי ווינט וואָס פרישט און רופט דאָס גראָז אַרויס,
און קיינער ווייס נישט, זעט קיין צייכן ניט
וואו ער האָט זיין בענטשנדיקן גרינגן פוס געשטעלט.

# דרימל

וואָס וועסטו מיט תהילים דערבעטן ביי גאָט —
א רואיקע שעה אין אַן אָרימער שטאָט?
וועט אויך פאר מיר זיין דאָרט א ביסן.

כהאָב איינמאָל מיין לעבן און טרויער באַווויינט,
און אַצינד וועט מיר קלאָר און כפארשטיי —
סהאָט גאָט מיט מיר גאָר אַזוי שלעכט ניט געמיינט.

אַז ווי־ניט־איז האָב איך מיין טאָג און מיין נאכט
צו שטילער און אָרימער אָפּרו געבראכט,
און דארפן? — וואָס דאַרף מען דען האָבן?

אַן אָפּענע שטייט אויף די טויערן פריי
די וועלט און ווערט תמיד געבויט אויפדאָסניי,
און גייט צו קליין־קינדוואַרג אַריבער.

און איך האָב מיין קינד אין דער וועלט, אין דער גרויס,
פאראַן אַזא גאַס, און פאראַן אַזא הויז,
וואו כקאָן נאָך א היימלאכער קומען.

נאָר היימלאכער איז מיר — ביים שטאָטישן סוף, —
די ערד גייט דאָרט שטיל צו די הימלען אַרויף,
און די שטילקייט פון פעלדער איז הימל.

א ניגון פון תהילים פון איטלאכן ברעג —
זעץ איך זיך מיד אויף א שטיין דאָרט אוועק,
און דרימל אין זוניקן דרימל.

# אין מיין גאַס

דאָס שיינע קליינוואַרג פון מיין גאַס,
די בלאָנדע און די שוואַרצע האָר —
זיי האָבן נעכטן דאָרט געשפּילט
דאָס נייסטע שפּיל: דער אַלטער דור.

איך בין געשטאַנען ביי מיין שוועל
און דעם ספּעקטאַקל צוגעזען.
איז, זאָג איך אייך, אַ אינגעלע
דאָרט אַזאַ וואונדערלאַכס געווען.

אַ טיישטוכל איבער זיין קאָפּ,
און אויגן — פרום און שיין און מילד.
וואָס האָט ער מיט זיך פאַרגעשטעלט?
ער האָט מיין „שבתל" געשפּילט.

אין גרויען בוך, אויב איר געדענקט,
האָב איך אַזאַ מין ליד פאַרפאַסט —
אַ מעשה פון אַ שבתל,
אַ וואָכעדיקס דאָ אין דער גאַס.

די אינגלאַך — אַלטינקע, פאַרשטעלט,
מיט לאַנגע ווייסע זיידע־בערד,
און אויף די פּלייצעס — בעטלער־זעק —
אַרומוואָגלער איבער דער ערד.

קומט זיי אַנטקעגן אויפן וועג
דאָס אידעלע, געבויגן, קליין,
און סבלייבן אַלע אַלטע לייט
אַנטקעגן אים פאַרוואונדערט שטיין.

ישלום עליכם! — הענט אין הענט.
עליכם שלום — הענט אין הענט.
פונוואַנען גייט אַ איד? און סהאָט
דאָס שבתל זיך זיי דערקענט.

ער גייט פון שטאָט און שטאָט אַרום,
דאָרף־איין, דאָרף־אויס, שטאָט־אויס, שטאָט־איין.
און — טישן וואָכעדיק, אָן ליכט.
די טישן אומעטיק — אָן וויין.

ער קומט פון לעצטן שטעטל איצט —
האָט קוים געפונען דאָרט אַן אָרט
זיך אָפּרוען דעם קאָפּ און גיך
אוועק פון דאָרטן אַן אַ וואָרט.

וואוהין ער גייט אצינד? ער גייט.
אומענדלאַך איז די גרויסע ערד.
עס הערן עס די בעטלער־לייט,
און שאָקלען מיט די קעפּ און בערד.

און — סבלייבט מיט זיי דאָס שבתל,
און גייט שוין מיט די בעטלער מיט.
ווי אין אַ גאָלדן בעט — דער הערבסט —
די גרויסע פעלדער דרימלען מיד.

# אַ הונט

אַך, וואוהין דער טאָג פֿאַרשלעפּט אונז,
בלינדע כוואַליעס זאָרגן.
בײַ דער וואַנט פֿון נאַכט אַן אָפּרו
ביז דעם ליכט פֿון מאָרגן.

פֿונם מאַרק און פֿון די שטעלן
מידע פּיס און קניען.
וואָס דו זאָלסט אין מאַרק נישט זײַען,
וועלן דערנער בליען.

גוט כאָטש אין די קלײנע ווינקלען
אויף אַ שעה אַנטרינען.
ניט קײן חלום — אין דער פֿינסטער
רואיקײט געפֿינען.

אַלע קלײטן צוגעשלאָסן,
שטומעניש און שװײַגן.
אויפֿן מויל פֿון מאַרק — צען שלעסער,
ברעטער אויף די אויגן.

נאָר אַ הונט — אַ הינטיש לעבן
וואָס האָט נישט קײן בײדל
נעבעטיקט דאָרט — צונויפֿגעקאָרטשעט
דאַרע קאָפּ־און־ווײדל.

אין דעם מיסט און אין די שטרויען,
ווי אַ קנויל אַ גרויער —
אונזער מוטנער שווערער אומעט,
אונזער בלודנער טרויער.

## צו גאָט

און — איך בין געגאַנגען
אַ פאַרלאָרענעם וועג.
מיין טראַכטן — אָן אָפּרו
נאָך אַנגסטיקע טעג.

בין אַן אָרימער מאַן,
און אָן גליק, אָן אַ ציל
איז מיין לעבן אַראָפּ,
אַוועק און — סאיז שטיל.

נאָר אַ ווייל האָט געדווישט
אין זיין גאָלד און זיין רויט
דער הערבסט אַרום מיר
מיט ווידויים פון טויט.

און — אָט איז ער, דער טאָוול
מיט די תפילות פון פיין
מיט זיין הערבסטיקן ליכט
זיין אָקטאָבערשע קרוין

טאָג פאַרגייט אַרום מיר
אויף דער ערדישער ראָד.
דער טאָג — מיט דער וועלט,
דער אָוונט — מיט גאָט.

אין ישאָטן און ליכט
אויף דער ערדישער ראָד
שטייט יעדער פון אונז
מיטן פנים צו גאָט.

# ליכט

כּהאָב צו דיר געטראָגן אָפּער,
מיין קליין קינד — אַ ריינעם קרבן.
אויפן קליינעם שמאָלן קבר,
קום איך יעדן אָוונט שטאַרבן.

קליינע הענטלאַך אונטערן צודעק
און די אַקסעלאַך די דינע,
און די ברעמען אויף די אויגן —
בלייבער אויפבראַך פון באַגינען.

קיינער, קיינער איז נישטאָ דאָ,
קיינער וועט ניט זען, ניט הערן
מיינע קושן אויף דיין קישן,
מיינע טרערן אויף דיין שטערן.

קיינע, קיינער איז נישטאָ דאָ,
נאָר מיר ביידע, נאָר מיר ביידע.
און אויף דר׳ערד — די דינע צווייגן
און דאָס אש פון דער עקדה.

## צינד אָן

ווי ווייניק — מיין וואָרט
און ווי ווינציק — מיין ליד.
נאָר — אַן אָפּקלאַנג פון מיינע
פארקלונגענע טריט.

און מעשים — איך שעם זיך
דערמאָנען פון זיי.
זיינען שפל און קליין,
און זיי טוען מיר וויי.

זיי בויגן ארונטער
מיין קאָפּ צו דעם שטויב.
אָ, צינד אָן דיין ליכט
אין דיין איינציקער טויב.

זאָל פאַלן אריבער
מיין פנים דער שיין,
און — פיר פארן האנט
אין דיין טיר מיך אריין.

און לאָז מיך דאָרט שטיין
שטיל געבויגענערהייט
אין תפילה אָן רייד,
אין ווידוי — אָן רייד.

אזויווי א האנט צינדט
מיט פרומקייט דעם קנויט,
צינד אָן מיין נשמה
אין צער פון מיין גויט

א ליכטיקער קרייז
ארום זיך נאָר אליין
אין פרידלאכן צאנקען
אין שטילן פארגיין.

## צו...

איך האָב דיך אַלץ נאָך אַזוי ביטער ליב,
נאָר זען דיך — וויל איך ניט.

(מיין שענסטער טאָג, ביזט וואו געבליבן שטיין —
אַ מצבה איבער זיך אַליין).

מיר ווערן פרעמדער זאַכן, שטום און ווייט,
און — שווערע מידע רואיקייט — די צייט,

וואָס בייט זיך אַלץ מיט נעכט, מיט טעג
און שלעפּט די וועלט נאָך זיך —
אַן איבעריקן עק.

ניט זעענדיק דיך
ביזטו מיר נאָך אַלץ
דאָס איינציקע
וואָס איך דערזע אַמאָל —

דו גייסט אַרויס פון מיין פאַרקלעמט געמיט
און זאָגסט מיר: כ'האָב דיך אַלץ נאָך אַזוי ביטער ליב.

און — ביזט מיין שענסטער טאָג
וואָס איז געבליבן שטיין,
ווי אַ מצבה איבער זיך אַליין.

# קלאַנגען

א.

דיינע גאָלדענע ניגונים
קלינגען אָן מיר אין פאַרנאַכטן,
ווי דאָס קוועלן פון אַ ברונים
אויפן וועג — פאַר אַ פאַרשמאַכטן.

אַזוי אָנגעשפּאַנט מיין אויער
צו די ווייטן און אַמאָלן.
פייערלאַכע פרייד און טרויער —
שטילע שטיבלאַך אין די טאָלן.

ווער־זשע וואוינט דאָרטן? קבצנים.
שבת רוט אויף שוועל און טירן.
שטילע גאָלדענע ניגונים —
זון אין אַלערליי קאָלירן.

טיף האָבן זיי אָנגעשלאָגן
יענע וואונדערלאַכע קלאַנגען. —
ווינט האָט דאָ געבראַכט צוטראָגן
ריחות פון פרי־תמוז זאַנגען.

העלע תבואהדיקע טייכן
הויבן זיך אַלץ העכער, העכער. —
אַזאַ קלאָרער וויין אַ רייכער
אין אַ גינגאָלדענעם בעכער.

ב.

דער בעטלער מיט זיין זאַק
נאָכן בעטל־טאָג, פאַרנאַכט,
פון אַלעמען פאַרזען —
אַ שאָטן אין פאַרנאַכט.

נאָר דו ביזט נאָנט צו אים
און אייגן אין זיין נויט.
און שפּרייטסט דיין אָוונטליכט
מיט רו איבער זיין ברויט —

איבער דער הוילער ערד
אינמיטן וועג אַמאָל,
ווי סרוט דיין גרויס געגנאָד
אין שאָטן פונם טאָל.

ווי דו וואָלסט צוגיין נאָנט
זיך זעצן ביי זיין זייט
און עסן שטילערהייט
מיט אים זיין אָוונטברויט,

וואָס ער האָט צונויפגעשאַרט,
ווי מעשׂר פון אַ פעלד,
געבוינגן, שטומערהייט,
ביי די שוועלן פון דער וועלט.

ג.

אַ בריקל שמאָל און קליין
איבער אַ טייך אַ שמאָלן.
אַזוי פיל רואיקע פרייד
פון גאָט איבער די טאָלן.

מיט יונגער האָפענונג
דעם זומערבלוי אַנטקעגן
די פענסטער קוקן דאָ
אַרויס איבער די וועגן.

ווען בין איך דאָ געווען?
אַמאָל, אין ווייטע יאָרן.
און — איינמאָל, אַ פאַרנאַכט
פונדאַנען אַרויסגעפאָרן.

אויף דעכער, הויף און הויז
אויף טרעפּ און קליינע בריקלאַך —
פון דעם צופאַלענעם טאָג
די לעצט גאָלדענע שטיקלאַך.

אין בליציק־רויטן ליכט
פאַרבלענדט — דער טייך אַנטקעגן
ווי סוואָלט ערשט אויפגעהערט
צו גיין אַ גאָלדענער רעגן.

ד.

כוועל אַוועקגיין אין אַ דערפל
אַ מלמדל דאָרט זיין.
פאַר אַ ביסן ברויט מיט וואַסער,
פאַר אַ גראַשנדיקן לוין.

װעל איך אָנקלײבן צען גילדן
אָפּגעשפּאָרטע פֿון מײַן לײַב,
און עס שיקן צו די קינדער
און מײַן אומעטיק קלײן װײַב.

אױף אַ יומטוב װעל איך קומען
װי אַ גאַסט צו זײ אין הױז.
װעלן מײַנע קלײנע טעכטער
מיר אַנטקעגנקומען — גרױס.

װעל פּאָר זײ — װי אַ פֿאַרשעמטער
שולדיק אײַנבױגן מײַן קאָפּ.
קינדער מײַנע, װעל איך מורמלען
מיט אַן אײַנגעבױגטן קאָפּ.

ה.

װאָר־זשע װילסטו?
װאָס־זשע װילסטו?

אַרום אַלע ימען
ליגט דערזעלבער ברעג.

און די גרעניצן
צװישן לאַנג און לאַנד,
נאָר אַ קלײנער פּלױט —

די קלענסטע ציג פֿון דאָרף
שפּרינגט אים אַריבער גיך,
און אַ אינגל אױך.

לעב מיט מיר דאָ,
בײַ דעם גרעניץ:

גרױסע ערד־װעלט.
בײמער. װעגן.
װאָגנס פֿאָרן.

האָלץ און תבואה,
און אַ בהמה
מיט אַ קעלבל
גײען בײַם זײַט
אַלײן פֿון פֿעלד —

שטילע קינדער
פון דער וועלט.

ו.

די לײדן פון מענטשן — ווי דאָרן,
די פרײד — ווי פרי־זומערדיק בלוי.
דו האָסט אַ שײן קינד מיר געבאָרן,
און ליב איז דײן לײב מיר, מײן פרוי.

איך קוש דיר נאָך הײנט דײנע אויגן
און וויל מיט דיר בלײבן אַלײן,
און איבער דײן פּנים זיך בויגן
און קוקן און שווײגן: ביזט שײן.

ווי ביזטו געוואָרן מיר נאָענט?
דו האָסט דאָך געשעמט זיך פאַר מיר?
בגעדענק עס נאָך: אײנמאָל, אַן אָוונט
ווען דו ביזט געקומען צו מיר.

ביזט מיר אַזוי אײגן געוואָרן
און נאָענט און לײבלאַך — מײן װײב.
און — ווידער אַ קינד מיר געבאָרן
אין וואַרימען געוועב פון דײן לײב.

ז.

סלאָזט אַראָפּ זיך אַמאָל
אַ סעפּטעמבער פאַרנאַכט
מיט אויגן — אין וועלטן,
אין וואונדער פאַרטראַכט.
און סקריכט אום אין מערב
אַ זונענפאַרגאַנג —
דורך פײער און גאָלד,
אַ בריליאַנטענע שלאַנג.

ח.

דער מעשר פאַרן אָרימאַן —
אַ ביסל זאַנגען אויפן פעלד.
ער קומט צוגײן שוין שפּעט און נעמט
זײן קאַרגן חלק ביי דער וועלט.

אַ לײדיקע — די גרויסע ערד,
אַ טרויריקע — ליגט אויסגעשפּרייט.

אנטקעגן ווייטן האָריזאָנט
אין בלייכן רויט דער טאָג פארגייט.

די שטילקייט — קיילעכדיק ארום —
א זילבערנדיקע דינע רייף.
און די לבנה — א ווייסע הון,
קומט אָן איבערן הימל־הויף.

ט.

— וואו ווילסטו, וואו ווילסטו,
פארקומערט געמיט?

— נאָך די עלנטסטע טריט.
נאָך די עלנטסטע טריט.

נאָכן שאָטן פון פעלד,
ווען דער טאָג גייט אראָפ —

נאָכן עלנטסטן קאָפ.
נאָכן עלנטסטן קאָפ.

י.

דאָרטן, אין די ווייטן
בליען די ריטער־יאָרן —
דאָן קיכאָט איז ווידער
שוין ארויסגעפאָרן.

— וואו ועלן מיר קומען
דורך די ווייטע וועגן?
— זעסט נישט ליבער סאנטשאָ,
דאָרט די גאָלדענע ברעגן?

גאָט האָט עס געעפנט
אונז זיין ליכטיקן טויער.
הערסטו נישט די קלאנגען?
האלט נאָר וואך דיין אויער.

לאנג וועט ניישט דער הונגער
טריקענען דיין גומען,
ביז מיר וועלןביידע
צו זיין פאלאץ קומען.

נו, א שפאן־געגעבן,
ניט קיין צייט פארלירן,

גיך וועלן די וועגן
אונז צום ציל דערפירן.

פרי'ר וועסטו אריינגיין,
אָנטאָן דאָרט דיין קריינדל.
עס, נאָר — סאַנטשאָ גוטער,
לאָז מיר אויך אַ ביינדל.

איך בין אויכעט הונגעריק,
נאָר — איך קאָן נאָך וואַרטן.
כוויל אַביסל אומגיין,
און גאָטס גוט באַטראַכטן.

יא.

און — וואָס וואָלט איך געווען,
ווען דו־וואָלסט מיך נישט דערהערט
אין מיינע ענגע ווענט,
אין מיינע היילן־נעכט.

דו ביזט געקומען — און
האָסט מיך אַרויסגעפירט,
און — כבין געוואָרן וועלט,
און — כבין געוואָרן ליכט.

אַ וואַרימט אייך אין מיר,
אַ וואַרימט אייך אין מיר, —
דו קינד ביים פענסטער־שויב,
דו אַלטינקער ביים טיר.

אַ פליגלט־אויף פון מיר,
מיט פליגל העל און ווייס.
און — וואָלקנס אינדערהויך,
ווי זילבערן קריע־אייז.

עס גייט פון ברעג צו ברעג.
דער הימל — ניי און גרויס.
אַ וועלט, מיין ליכטיק לאַנד,
אַ וועלט, מיין אייגן הויז.

יב.

אָט בייג איך זיך אַראָפּ
און ווער אַלץ קלענער, קליין.

די לעצטע פרייד פון טרייסט —
דיר אונטערטעניג זיין.

צי קאָן איך דיין געשטאַלט?
צי ווייס איך דיין מהות?
איך בויג זיך צו דער ערד
און — ס'איז די ערד דיין פוס.

פון דעם אַליין ווערט מיר
שוין מיין געמיט מיר ריין.
און — מיין נשמה שטיל,
און — מיין נשמה קליין.

יג.

מיין ליב און אָרים ליד,
וואו וועסטו דען דערגיין?
מיט ווערטער טריב און מיד,
בעטסטו — צו זיך אַליין.

טראַכסט פון אַן אַלטן גאָט
איבער אַ ווייטער ערד.
זיין וואונדער און גענאָד
ווער האָט דען ניט געהערט.

ער האָט אַרויסגעפירט
זיין פאָלק פון שאַנד און נויט,
און האָט עס אויפגעריכט
מיט האָניק און מיט ברויט.

אַמאָל, שוין זייער לאַנג,
שוין זייער לאַנג אין דעם.
נאָר, סהאָט נאָך אַלץ אַ קלאַנג
זיין גוטער, וואוילער שם.

נאָר דו, מיין ליד, ביזט קליין,
און עפנסט קוים דאָס מויל.
און בלייבסט מיט זיך אַליין
אין עלנט און אין גרויל

אין דיינע שורהס־ווענט
פאַרריגלט און פאַרשפאַרט,
מיט דיינע דינע הענט
פאַרקרייצט אַרום דיין האַרץ.

יד.

פאַרהאַק דאָס וואָרט,
דאָס בוך פון לידער.
פאַר זיך אַליין נאָר
זאָגט מען ווידוי.

און אַלע זינד,
און גאָר דאָס לעבן,
לעשט אויס דער טויט,
און טוט פאַרגעבן.

צו בלייבן אַזוי עלנט ליגן
פאַר שוואַרצע שעהן, —
פאַר שוואַרצע קראָען,
איז אַזאַ אומעטיקער ליגן.

איז גוט וואָס עס קומט דער קברות־מאַן
מיט אַ רויטער נאָז, מיט בולבע־אויגן
מיט טעמפּן שיכורן שלאָף פאַרצויגן,
און נעמט זיך מיט אַ שווערן לאַנגווייל
צו דער אַרבעט.

און דאָ,
בלייבן אָפּגעדעקט די הימלען,
די שיינע שטיבלאַך אויפן באַרג דאָרט.
די בוימער אין אָקטאָבער־קרוינונג.
די שיטערע בלעטלאַך־גלעקלאַך קלינגען
דעם ווינט אין פּנים.

און איבער מיר
שוויינט אַ וועלט פאַרגעסן.
וואָס איז מיר דען די וועלט געוועזן?
כבין פון אַ שטוב אַרויסגעגאַנגען,
אַן אומעטיקער מענטש געוואָרן,
און — הינטער אַלעמען זיך פאַרלאָרן.
און זעלטן־ווען זיך געקאָנט דערהויבן
כאָטש זיך אַליין אַ וואָרט צו גלויבן,
כזאָל קאָנען רופן אַ זאַך ביים נאָמען,
און הערן וואו אַן אָפּקלאַנג: אמן.

טו.

פארזיץ איך זיך אמאָל
אין שטוב ביז שפּעטע שעהן,
און עס דאכט זיך מיר,
איך וואוין נאָך אין א ישוב.
די גאסן זיינען קליין,
דער טומל איז א מילדער
און סהאנדעלט דאָרט דער מארק
אויף א שטילן פּראָסטן אופן.
און סשמעקט פון אים מיט פּירות,
מיט פרישגעבעקס, מיט לעקאך,
מיט ניי־געוועבטן לייוונט.

אָט, שפּעטער, כוועל נאָך זיין
מיט זיך אין שטוב אביסל
כבין היינט אזוי פארהיימלאכט
אין מיינע וועגט פארנורעט.
א ליבער, פרומער טאָג
איז היינט צו מיר געקומען
ווי אן אלטער גוטער פריינט
פון אמאָליקע ברייטע טאָלן.
דעם זיידנס הויכע שטוב,
די גרויסע ליכטיקע פענסטער.

כוועל באלד פון מיין טיר ארויסגיין,
מיין שטאָט, מיין קליינעם מארק
אנטקעגנשמייכלען: גוטמאָרגן.
אלע שיינע הענער
מיט גאָלד און קופּער־פעדערן
האָבן אָפּגעקרייט שוין שחרית.
דרייען זיך ארומעט
באלעבאטיש איבער די הויפן.
די זון ווארימט די מיסטן.
די זון ליכטיקט די גאסן.

א קאָרעץ, קאָרעץ, קאָרעץ
דו האָסט אזויפיל אינגלאָך.
ווי איבער א גאָלדענעם ברונעם
בויגן זיי זיך איבערן חומש,
און זינגען די שיינע מעשה

ווי גאָט איז געשטאַנען אין גן עדן
און האָט פאַרפלאַנצט ווײַנשטאָקן.

טז.

ווי כּהאָב זיי ליב, די אָפּגעריסענע,
וואָס האָבן קוים אויף זייער לייב
אַ העמד און — קלייבן אינדערפרעמד
נדבֿהלאַך פאַר קינד און ווייב.

און קומען איינמאָל אין אַ יאָר אַהיים
אויף אַ געקאַפּטער פור אין וועג,
אין אַ געדונגענעם אַלקער מיט געזינד
אינאיינעם זיין איבער די יומטובֿ־טעג.

סאיז אלול, אַלע גערטנער ליגן הויל,
גראָז און בלעטער בלענדן גאָלדן־רויט.
און אַזאַ טרויעריקע שיינקייט אויף דער ערד
האָט די געשענקטע זון אַרום צעווייט.

אין אַ שולעכל בייטאָג, סאיז אַזוי שטיל,
זיצט דאָרטן אַ מענטשל איינאַליין.
הלוואי וואָלט דאָס געווען טאַקע איך, —
וואוהין איז אויף דער וועלט דען דאָ צו גיין?

און איך רו זיך דאָרטן אָפּ — אַ איד,
אַן אָרימאַן אַ איד בין איך, און בין
געקומען פון די וועגן בלאָנדזשענדיק,
נישט וויסנדיק, נישט זעענדיק וואוהין,

האָב איך זיך פאַרנומען אויף צוריק
געגאַנגען ביז איך האָב טאַקע דערזען
אַ שולעכל, בין איך אַהין אַריין,
איז מיט מיר געוואָרן דאָרטן צען.

האָט אַן אַלטינקער צום עמוד זיך געשטעלט
און אַרויסגעבריפעט עפּעס אויף אַ קול.
האָבן מיר געשטעלט זיך אַלע צען
קדיש זאָגן אַלע מיטאַמאָל.

יז.

אַ ווענד מיך אָפּ פון לוסט
צו רחבֿות אַרום זיך.

כהאָב ליב מיין אַלטע שוועל,
דעם שטויב אויף מיינע שיך.

און סטוט מיר אַזוי באַנג
וואָס איך הער קיינמאָל ניט
אין מיין משפּחה־הויז
אַן אַלטן זיידנס טריט.

מוז איך שוין פאַר מיין קינד
אַליין דער זיידע זיין.
פאַרשטעל איך זיך און קום
אַלט־אַלט אין שטוב אַריין.

און בין אַ זיידעלע,
כאַטש אָן אַן אַלטן שטאָק,
און אָן אַ גרויער באָרד,
און — דרימל ניט בייטאָג.

און מיינע קינדער זיינען
אויך מיינע אייניקלאַך.
כרעד אַזוי קינדעריש
צו זיי אין אַלטע שפּראַך.

וואָס איך דערצייל זיי
איז אַזוי אַלט און ווייט.
נאָר קינדער גייען מיט
ביז דער אַלטסטער צייט.

אבי דאָס מעשהלע
איז פּשוט און שיין,
ווערט עס אַ ציגעלע
אַ גאָלדנס און —
נעמט גיין.

דאָס מעשהלע — פאָרויס,
די קינדערלאַך — נאָך איר.
דאָס מעשהלע — אויף בערג,
די קינדערלאַך — נאָך איר.

דאָס מעשהלע בלייבט שטיין
ביים קעניגס גאָלדענער טיר.
דאָס מעשהלע — אַריין,
די קינדערלאַך — מיט איר.

מיט וואָס דען זעען זיך
דאָ קינדער נישט אָן
אין קעניגס פּאַלאַצן
און ביי זיין שיינעם טראָן.

און קערן זיך אום צוריק,
צוריק אהיים, צו מיר.
איך זיץ — אַ זיידעלע
און וואַרט ביים טיר.

און וואַרט ביים טיר.
יח.
דער אינדערפרי
קומט קיינמאָל נישט
צום אינדערפרי.
און דער פאַרנאַכט —
נישט צום פאַרנאַכט

און די לבנה האָט איר וועג
די זון — איר ישעה.
דער מענטש אויך.

און כאָטש אַזוי,
כאָטש עס איז אַזוי,
איז אָרט אַמאָל ניט אָרט,
און וואָרט — ניט וואָרט.
און — צוגעמאַכט דאָס אויג
הענגסטו איבער אַ תהום
אויף אַן איבערגעבראָכענער צווייג,
און ביזט טויט.
מיט לעבעדיקע הענט
און קאָפּ און פיס
און — דו ביזט טויט.

און אַלע ליידיקייטן
זיינען וועגט.
און דיין געשריי — ווינט.

גאָר די קיילעכדיקע ווייט,
דער גרויסער הימל און די זון,
די ערד־ראָד ארום און ארום —

אַן ענגער שוואַרצער רינג
אַרום דיין האַלז
שטיקט.

גאָט —
אַ וואָרט.
טיש —
אַ וואָרט.
אַ וואָרט און
איך לעג זיך אַן
פאַרנאַכט אין מיין מידער ישעה
ביים ברעג פון טיש.
אַזוי לעג איך זיך אָן
מיין הילפלאָז לייב,
נאָך הילפלאָזער נשמה
אָן דער נאָנטקייט
פון גאָט.

און ווען איך זאָג אים: האַר
איז ער קיין מלך ניט.
ער איז אַ בעטלער
פונקט ווי איך.
און אָפּגעריסן
טרעף איך אים
אויף מיין איינזאַמען וועג.
און ווען איך בעט אים הילף,
ווייס איך זייער גוט
אַז ער איז ניט שטאַרקער ווי איך,
נאָר — אַן זיין הילפלאָזקייט
וויל איך זיך אָנשפּאַרן,
און אָן זיין טרייסטלאָזקייט
וויל איך אַ טרייסט.

פאַרפלאָנטערט זיינען מיר אָפט
איינס אין אַנדערן.
אַמאָל פאַלט איבער מיין ברעם
דאָס העלזען פון זיין ליכט,
אַמאָל פאַלט איבער אים
די בלינדקייט פון מיין אויג

און אמאָל ווערט מיר זייער קלאָר
אַז קיין שלוחים האָט ער ניט,
קיין מלאָכים ניט,
קיין משיחים ניט.

און צו אַלעמען
קומט ער אַליין,
און מיט זיין מויל
קושט ער דאָס לעבן אויס
פון אַלטן און פון קינד,
פון קראַנקן, זינדיקן,
פון קאַץ און הונט,
וואָלף און שאָף,
פון פויגל
און פון בוים.

דאָ איז היים
און דאָרט —
איז היים.

אויף אַ צייט נאָר
רייסט זיך אָפּ
אַ ווערימל
פון דר'ערד,
און כאַפּט
אַ פליגל
ביי דער זון
און — פליט,
פליט,
פליט אין ליכט.

אַזוי אַ גראָז —
נאָר ביז אַ העלפט
אין גרין,
אין ליכט.

אַזוי אַ מענטש.

און אַלע —
ווערן זיך שווער.

און אַלע —

ווערן זיך בלינד.

און אלע —
ווערן זיך טויב,
און עלנט־קליין,
און בייגן זיך,
בייגן זיך,
גראבן איין דעם קאפ,
און קריכן אין דער ערד צוריק.

און אז זיי ליגן לאנג דארטן
און שלאפן זיך אויס,
קריכן זיי צוריק ארויס,
צו דער זון,
צום טייך
צום הויכן וואלד
און צו דער מורמלעריי
זשומעריי
פון אנדערע
אונטערן גראז,
הינטער א וואנט,
אונטער א דאך.

דער אינדערפרי
קומט יא צום אינדערפרי,
און דער פארנאכט —
צום פארנאכט
און די לבנה
האט גאנצע וועלט
און די זון — אויך.
און דער מענטש,
און די מילב
און די מינוט —
אויך.
יט.
קליין פון האנט דער כח,
און פון אויג דער חלום.

און פון אלע ווערטער
ווערט א זאמד פון מדבר.

שווערע גאַסן מיט גופן
אַן אַ זשעסט פון וואונדער
מיט דער האַנט צום הימל.

איינמאָל אין אַ יובל
דאַרף זיך דאָך דערוועקן
אַזאַ רוף צו בענטשן
וועלט און אַלע זאַכן.

דאַרף די האַנט דערקענען
שטאַרקען יונגן כח.
און דאָס אויג — אין וויַיטן.
און דאָס האַרץ — אין שטאָלץ,
העכער מיט אַן אַקסל.

וואָס עס מוז שוין קומען
שפּעטער — זאָל שוין קומען:

טעג פון שווערן וואָלקן,
וואָך אויף אַלע נאַקנס —

איינגעבויגענע אָקסן
נאָך אַ טעמפּער משא.

שלעפּערדיקייט אויף דעכער.
טעג ווי קעץ ווי אַלטע —

אויף די אויפנאַוויוונס
לאַנגע, לאַנגע וואָכן.

נאָכדעם גרויען רעגנס,
נאָגן, נאָגן רעגנס
אויף מאַנאַטאָנע וועגן.

ב.

קאָנסטו דען דעם גורל בייגן?
ניט מיט שווייגן, ניט מיט רייד.
אייזן־שטאָל זיינען די זיילן
אונטער זיין געבוי געבויט.

נעם אַרום די שטייג די גרויע,
טוליע צו צו איר דיין באַק,
ווערן אַלע וועגן פרייע
אין אָט דעם פאַרקנופּטן זאַק.

האָט דען ווער די מאָס פאַר מיילן,
און פאַר קאַרגע קליינע טריט?
און — פאַר אימפּעטיקן איילן,
און פאַר נאָכגיין אַלט און מיד?

טעמפּ פאַר מיר זיינען די זשעסטן
פון ניו־יאָרקער רויען סטיל.
העל — ביי שוועלן פון די נעסטן
זיצן קליינע פייגל — קיל

די לופטן נאָכן רעגן,
און אין הימל אינדערהויך
בויגט זיך אויס אַ רעגנבויגן
פאַרביק־גוט און מילד און ווייך.

כהאָב מיין גורל אָנגענומען —
ער איז צוגעפּאַסט פאַר מיר.
וואו איך דאַרף וועל איך שוין קומען
און — ניט שפּעטער, און ניט פריִ׳ר.

און די לוינען? מיינע לוינען? —
(ס׳שמייכלט זיך מיר פון רייד)
סוועט מיך פּונקט ווי יעדן קרוינען
מיט זיין ווייסער קרוין — דער טויט.

כא.

ווי רואיק גיט די ערד
צום ערבסט אוועק די גראזן.
זיי שטאַרבן שטיל, נאָך איידער
די וויסטע ווינטן בלאָזן.

ווי שטיל גייען די שאָף
מיט זייער וואָל צום שערער.
דער וועג פון ערבסט איז קלאָר,
די טיפע הימלען — קלערער.

אָ איר, איר טויטע מיינע,
פונלאַנג שוין איינגעשלאָפן.
ווי הימל אין העלן טאָג
איז פאַר מיין אויער אָפן

דער מינדסטער ריר און קלאַנג
וואָס כהאָב פון אייך פאַרנומען.

בגיי טויזנט און איין וועג
מיט פרייד צו אייך צו קומען.

און — כנעם אראָפּ פון זיך
די זעק און פּעק יסורים,
און קום צו אייער טיר,
ווי נאָך אַ בייזן שטורם.

איך לייג זיך לעבן אייך,
מיין קאָפּ אויף אייער קישן.
און מילד און לינד און ווייך
וועט מיך די רו דערפרישן.

און גיב קיין ריר ניט מער,
קיין וויג ניט מיט קיין אבר.
סאיז גאָר די ערד — מיין ערד,
סאיז גאָר די ערד — מיין ערד.

כב.
פאר די גוטע מעשים
צאָלט מען נישט קיין לוינען.
אונטער טונקלע באלקנס
די צדיקים וואוינען.

הינטערגאַסן־שטיבלאַך.
טירן, פענסטער — שמאָלע.
ווער — אַ לייִמען־גרעבער,
ווער — אַ באַלעגאָלע.

אַז משיח וועט קומען
פון די ווייטע וועגן,
וועלן זיי די ערשטע
קומען אים אַנטקעגן.

אָפּגעשוואַרצט די שטיוול,
און פון די קאַפּעטעס
אָפּגעקלאַפּט די פלעקן
פון די גרויסע בלאָטעס.

וואָס זיי וועלן זינגען?
נו, אַ נפקא־מינה.
וואָס זיי וועלן זינגען,
וועט עס זיין ברינה.

א קאַפּיטל תהילים,
כחלומים היינו,
צי אַזוי אַ תפילה,
צי אַ פּראָסטע תחינה.

וואָס צדיקים זינגען
איז דאָס ממעמקים.
און די אויגן פינקלען,
און די פינגער קנאַקן.

און פון די קאַפּאָטעס
הויבן זיך די פּאָלעס,
אַזש פאַר טויזנט מיילן
לויפט אַוועק דער גלות.

שטילט זיך איין דער יומטוב,
שטילט זיך איין די שמחה,
אין דעם שוסטער־שולכל
גייט מען דאַווגען מנחה.

וועט עס זיין אַ מנחה,
ניט אַזוי־ווי תמיד.
ער אַליין, בכבודו,
שטיין וועט פאַרן עמוד.

וועט עס זיין אַ דאַוונען,
וועט עס זיין אַ זינגען.
סזאָל כאָטש ניט דער קלויסטער
אָנהויבן צו קלינגען.

כג.

דערמאָן איך זיך אָן דיר,
אָן דיינע שיינע טעג —
סאיז יעדנס שוועל און טיר
געווען דיין ליכטיקער ברעג.

גאָר פּלוצלונג, אומגעריכט,
האָט מען פאַר זיך דערזען
דיין גוטמוטיק געזיכט
און — ביזט אַ גאַסט געווען.

ביים אָרימסטן אין הויז,
ביים טיש — אין היימישע רייד,

אזש מען דרייט הויך ארויס
פון לאָמפּ דעם ברייטן קנויט.

פון וואָס האָסטו דען ניט
צו שמועסן געקענט. —
אַ איד אויף אַ יאַריד,
וואָס האָט שיר־שיר דערקענט

אליהו הנביא'ן דאָרט,
וואָס האָט פון שטעל צו שטעל
געבראַכט אַ ליכטיק וואָרט
און האָט געשמייכלט העל.

און סהאָט אַ מחיה זיך
אויפן יאַריד צושפּרייט.
דער שוסטער — ביז איין שוך,
דער שניידער — ביז איין קלייד.

און טונקל, צום פּאַרנאַכט,
האָט טאַקע דער פּאַרשוין
אַ פלאַש מיט י"ש געבראַכט,
און פונם רעכטן שוין.

נו, האָט מען זיך עס דאָרט
לחיימט אויפן קול.
אַ גלאָז און נאָך אַ גלאָז
און נאָך, און נאָכאַמאָל.

און אַלע — גויים אויך —
האָבן אַ ראָד געמאַכט,
און זיך צוטאַנצט הויך־הויך
אונטער דער בלויער נאַכט.

די פּנימער צוהעלט,
די אויגן — פלאַמיק־ווילד.
די קעשעניעס מיט געלט
האָבן נאָך צוגעשפּילט.

אַ יומטוב אין דער וועלט,
און סאיז געווען אַ נאַכט,
און — פון יאַריד געבראַכט
האָט מען אַן אוצר געלט

און ווער עס איז געווען
דער אַלטינקער פאַרשוין,
וואָס מען האָט דאָרט געזען —
ווער קאָן עס ניט פאַרשטיין?

כד.

ווען די געהאָפטע שעה וועט קומען
אויף דער טרויעריקער ערד,
וועלן מיר שוין זיין מסתמא
אַלטינקע מיט גרויע בערד.

זיינען מיר דען אַזוי יונג נאָך?
נאָר — ווי אינגלאַך וואַרטן מיר
יעדן טאָג און יעדן אָוונט
ביי דער שוועל פון פאָטערס טיר.

הונגעריקע נאָך דיין ליבשאַפט,
דאָרשטיקע נאָך דיין גענאָד.
און מיט יעדן שאָרך אין שטילקייט,
הערן מיר דיין נאָנטן טראָט.

אויסגעווען אין אַלע עקן,
אַלע וויסטן אויסגעשפּאַנט,
וואָכעדיק און ווי אַ שטיין־וואָג,
הענגט אַרונטער אונזער האַנט.

נאָר די ברעם הויבט זיך נאָך אויפ'עט,
און אין אויג — אַ העלער פונק.
קום אַרויס און פון דיין קלאָרקייט
לאָז אונז טאָן אַ קאַרגן טרונק.

ביז די הויכע שעה וועט קומען,
לאָז אונז נישט אין דורשט פאַרגיין.
גיב אונז נאָר אַ טרונק אַ קליינעם,
פון דיין חסד קלאָר און ריין.

כה.

און יעדער טראָפּן יומטוב אויסגעוועבט,
און יעדער ליכט פון שבת אויסגעגאַנגען.
געדענקסט? אין אונזער שטוב האָט נאָך געלעבט
אַ ניגון פון די ליכטיקע געזאַנגען.

מיר זיינען קליינע אינגלאַך נאָך געווען,
און אַרום אונז — אַזויפיל אַלטע, גרויסע.
און ווי אַט־ערשט וואָלט עס דער נס געשען,
אַזוי האָט איינער פון זיי דערציילט אַ מעשה

פון דעם בעל שם טוב — ביים בית מדרש טיש,
און אַלע אויף די פויסטן אָנגעלענטע.
התפעלותדיק, כאָטש הונדערטמאָל געווייס
אַנטפלעקט זיך זיי דידאָזיקע לעגענדע.

אין וואונדער שטראַלט זיין הייליקער געַנאָד,
אין וואונדער ווערן וועלטן נייער.
און אַלע אויגן — לויכטן העל פאַר גאָט
מיט אַזוי ריינעם בענטשנדיקן פייער.

צי וויל דען ניט די גרויע וואָך אַליין
די שטילע שוועל פון שבת איבערטרעטן?
אויך אונזער וואָך — זי וויל אַזוי פאַרגיין
אין אָט דעם שווערן אָוונט אינם שפּעטן.

אין אונזער הויז — פון חורבן און פון גרויל
פאַרוואָגלטע פון אַלע וויסטע יאָרן.
און שטומער קומער יאָמערט אַרום מויל
און קעפּ אַראָפּגעבויגן און פאַרלאָרן.

דער גוטער גאָט וועט אַלעמען
דאָך צוהעלפן אַביסעלע —
אַ פּערל דעם אין פּערלשנור
און דעם — אַ גרויפּ אין שיסעלע.

ביים רייכן חתנס חתונה
די שענסטע מחותנימלאַך.
און — אַ באַזונדער טיש געגרייט
די בעטלער, די קבצנימלאַך.

און איינער נעמט אַרויס פון זאַק
אַ בעכער אַן אַנטיקעלע.
(פון סולטאַנס טיש אַראָפּגעשאַרט,
אים קומט דערפאַר אַ שטריקעלע.)

און איינער, ביי דען אויבנאָן,
אַן איינגעהויקערט אידעלע,

צונעמט די הענט אזש ביז די ווענט,
און טוט א זינג א לידעלע.

און די קבצנים ארום טיש
צונעמען זיך, צעוויגן זיך,
און שאָקלען מיט די בערדעלאך,
און ציקלען ווי די ציגעלאך.

און — סגייט אוועק א מין געזאַנג,
א שיר פון שיר־השירימלאך
אַרום דער חתן־כלה פּאָר,
און איבער די גבירימלאך.

און טעמפּע בלייבן גלאַנציקן
צילענדערדיקע קוימענער,
און קײלעכדיקע פּנימער
ביי גבירימלאך, ביי גולמער.

די גאָלדענע יויכן ווערן קאַלט,
פאַרגליווערט אין די שיסעלאך.
און די קבצנים זינגען אַלץ
און נעמען נאָך צוביסעלאך.

און נעמען אין א ראָד זיך, אָן
און ארום טיש צורינגלען־זיך,
און טופּען מיט די שטיוול צו,
און גאָפּל־מעסער קלינגען זיך.

און — שטומע, די גבירימלאך
מיט אויגן ווי ביי פישעלאך —
זיצן אַרום ברייטן טיש
מיט גוידערס ווי די קישעלאך,

קוקן מיט די פּנימער,
מיט אויגן מיט פאַרגאָסענע:
וואָס איז דאָס פאַר א חתונה?
וואָס איז דאָס פאַר א חתונה?

און — סלויפט ארויס דער אַלטינקער,
דאָס הויקערל, דאָס זיידעלע
און שלעפּט אין ראָד דאָס חתנדל
גייט נאָך דאָס כלה־מיידעלע.

און —ברייטער ווערט די ראָד אַרום,
און העכער דאָס צוזינגען זיך
און גאָפּל־מעסער — בעסער נאָך
און העכער נאָך צוקלינגען זיך.

און מיט די זײַדענע טיכעלאַך
דאָרט זיצן די גבירימלאַך
ווישן זיי דעם שווייס זיך אַלץ
פון די גלאַנציקע פּליכעלאַך.
כו.
— וואָס ווילסטו דען בויען, ברודער?
— אַ קליין דאָרף מיט קליינע שטיבער.
און אַ שיפל מיט אַ רודער —
שווימען צו דעם ברעג אַריבער.

שלעפּערס קומען פון די שליאַכן,
וועל איך זיי אַריבערברענגען,
און פאַר זיי אַ סעודה מאַכן,
און מיט זיי דערנאָכדעם זינגען.

שלעפּערס קאָנען שיינע לידער,
שיינע מעשהס צו דערציילן.
שלעפּערס זיינען גוטעברידער —
מיטן טייערסטן זיך טיילן.

וואָס די ווייטע וועגן האַלטן
אינם ווילדן זאַמד באַהאַלטן,
ברענגען זיי מיט זיך צוטראָגן,
אויף צו זינגען און צו זאָגן.

שטעל אַ קרוג מיט קלאָרן וואַסער
לייג אַ ברויט דערביי אַנידער.
שלעפּערס זיינען וואוילע יונגען,
שלעפּערס זיינען גוטעברידער.

זינגען זייערע געזאַנגען,
קלינגען עס זייערע לידער —
אויפן וועג זיינען געגאַנגען
זיבן יונגען, גוטע ברידער.

זיינען זיי אין דאָרף געקומען —
הונגעריקע, דורשטיקע לעמער

און האָבן דאָרטן צוגענומען
וואו אַ ברויטל ביי דעם קרעמער.

וואו אַ דאַר פאַרבליִבן פישל,
וואָס האָט זיך פאַרוואַלגערט דאָרטן,
און — געזעצט זיך אַרום טישל
און — פאַרשפּילט די נאַכט אין קאָרטן.

ווי דער טאָג איז נאָר געקומען,
און די זון איז אויפגעגאַנגען,
האָבן זיי די פּיס גענומען
און — אויף וועגן מיט געזאַנגען.

און דער קרעמערל, דער קליינער
האָט דערזען איבער זיין טישל
זיבן קאַרבן און — די ביינער
פון זיין לעצטן דאַרן פישל.

כז.

דיין הויז איז אַ נידריקס.
די ווענט זיינען גרוי.
בייטאָג קריכן אום דאָ
דין־שטרייפעלאַך זון.

דו ביזט שוין אַלט.
לעבסט דיינע טעג
אויף אַ בענקל ביים וואַנט
מיטן פענסטער ארויס
צו אַ הויפל אַ קליינס.

פוניענערזייט פּלויט
איז יארידיקער מאַרק.
וואָגנס פאָרן זיך אָן
און ציגיינער מיט פערד.
נאָר — דער טומל בלייבט דאָרט,
און ער קריכט נישט אריבער
פוניענערזייט פּלויט.

אַלטקייט איז שטיל.
ווערט פרעמד מיט די טעג.
רעדט נאָר אויס אמאָל אַ וואָרט
מיט אַן אָרימאַן אויפן שוועל.
אויף אַ פרעמדלאַכער דאָ —
שלעפּט זיך אום אין די ישטעט.
זעצט זיך צו נאָר אמאָל
ביי דעם שאָטן פון אַ וואַנט —
רוט זיך אָפּ נאָך דער היץ פונם טאָג.

ווייט און טויב ווי דורך שטויב
קלאַפּט דער רויש פון דער וועלט
דאָרט פוניענערזייט ווייט.
דאָרטן ארבעט דער טאָג
אין צופלאַטערטן רויש,
אין צופלאַטערטער זון.
און ער שוימט און ער דאַמפּט,
און ער זעגט און ער גראָבט,
און — מאַכט שטאַרקער די וועלט
און — מאַכט גרעסער די וועלט,
און — מאַכט ברייטער און לענגער
און — העכער די וועלט.

# שיינקייט

עלקעז.

מאַך מיך שטיל ווי קליינע גראָזן,
ווי אַ קליינעם טייך אין טאָל.
כשרעק זיך גיין דעם וועג צום מאָרגן
קערווע איך אים צום אַמאָל.

אין אַ מילדן טאָג אַ גרויען
איז מיר היימלאַכער די ערד,
זומער טוקט זיך — ליכט אין שאָטן
איינס אין אַנדערן פאַרקלערט.

פלעקן געל איבער די ביימלאַך
ביי דעם פלויטל פון מיין הויז.
קיינמאָל בלענדט מיך נישט דער וואונדער,
אַז די וועלט איז הויך און גרויס.

וואו עס ציט די הימל־טיפקייט
מוטשעט מיך נישט אָפּט אַזוי.
ווי מיין גאַס, איז אָפּט מיר נאָנט
פאַרן אויג זיין היימלאַך בלוי.

כפיל עס קיל איבער מיין פּנים,
ווי די פינגער פונם ווינט
ווי דאָס ווייכע זיידענע קעפּל,
און דאָס פּנים פון מיין קינד.

כשפּיר דעם גרעניץ פון מיין לעבן
ווי די ווייטקייט פאַר מיין טראָט.
כקלייב נאָר קליינע רגעס שיינקייט,
און איך טראָג זיי אָפּ צו גאָט,

ווי אַ פרומער זיינע תּפילות,
אין זיין ליבשאַפט און עקסטאַז.
ווי די קינדער זייער פרייקייט
אויף די פליגל פון דער גאַס.

# אַ ליד

קליינלעבן טריפט נאָר דראָבנע טראָפּנס,
די טראָפּנס זיינען פריש און רויט.
סאיז גוט איין קישן נאָר צוקאָפּנס,
און נאָר אַ שטיקל אָרים ברויט.

אַ לאַנגע באַנק ביים טיש ביים ברייטן,
אַן אַלטער קעסל טיי זידט אויף.
אַ לאָמפּ ברענט מיט אַ קנויט אַ ברייטן,
און — שכנים קומען זיך צונויף.

אויף ימען שווימען ישיפן שיינע
דאָרט פאָרן רייכע לייט נאָך גליק.
און דאָ — דערציילט אַ קליינע שכנה
אַ מעשה פון אַ ווילדער ציג.

אַ מעשה און — עס מאַכט צום לאַכן,
און מער פון אַלע לאַכט זי אַליין.
זי לאַכט און לאַכט אויףביידע באַקן
אַזש סקנאַקן ביי איר אַלע ציין.

עס גאָלדיקט העל די טיי אין גלעזער,
דאָס גאָלד גליט פייעריק און ברענט.
די מאַנזבילן — מיט רויטע נעזער,
די מאַנזבילטעס — מיט רויטע הענט.

אינדרויסן הענגט די נאַכט אויף שטערן,
און קיין לבנה איז היינט נישטאָ.
אין וועלדער ציטערן שוין בערן,
און סאיז ישוין דאָ צוריק די קראָ.

אויף ברונימלאַך ציט דורך אַ הייטל,
אַ דינער גלאָז פון גרינער קעלט.
אַן אַלטיטשקער פאַרריכט זיין בייטל,
און ציילט באַטעמט זיין ביסל געלט.

אויף ימען שווימען שיפן ווייסע,
דאָרט פאָרן רייכע לייט נאָך גליק.
דאָס גליק איז אויך אַן אַלטע מעשה,
אַ מעשה פון אַ ווילדער ציג.

# דערמאָנונג

מיין טשאַרנעלעס אַנדענק

געברענט האָט קליין אַ ליכט איבערן טיש
און אַ גלאָז וואַסער לעבן דעם.

און אין מיין גרויסן בעט ביים וואַנט
וואו כהאָב דיך נאָך אינמיטן נאַכט
אַריבערגענומען פון דיין קליינער בעט,
ביזטו געלעגן שמאָל און קליין,
ווי אין אַ וויים־פאַרשנייטן פעלד.

און כהאָב דערזען
ווי דו ביזט יונג און קליין
און ווי דיין האַנט איז שמאָל,
און ווי די ברעמען דיינע
דעקן צו מיט אַזאַ שטילקייט
דיר די אויגן —
כהאָב געזען אַמאָל
אַ דין־דין וואַסער־שנירל אין אַ טאָל
ווי סהאָט זיך אָפּגעשטעלט
אונטערן ערשטן הייטל שניי,
איז — רואיקער און עלנטער
דערפון געוואָרן גאָר די וועלט.

דערמאָן איך זיך,
דערמאָן איך זיך
און וויים
אַז סאיז שוין לאַנג צוריק.
נאָר איך טראָף זיך אויפן וועג
מיט קליינע ביימלאַך
מיט די בלעטערדיקע קעפּלאַך,
ישמאָלע קערפּערלאַך — צום ווינט
ווערט מיר פינסטער, פינסטער,
פינסטער־אומעטיק. —

און כזע דעם טאָג
איבער די ברייטע ערדן פעלד
אַוועקגיין ערגעץ אין אַן עלנטער ווייט.
און זיך אליין — ווי אַן אַראָפּגעוואָגלטן
פון פרעמדקייטן,

און איך געדענק נישט
פונוואַסער לאַנד,
פונוועלכן דאָרף,
פונוועלכן ברעג און וועלט.

מיר מאָלן שטיבלאַך זיך,
און אַ שטילקייט וואָס וואַקסט גרין
אינאיינעם מיטן קליינעם גראָז,
און זייט זיך זילבעריק־דין
אינאיינעם מיטן מילדן ליכט פון זון.

און פון מיין שווייגן גייט זי אויף,
פון מיינע טריבע אויגן,
פון מיין פאַרעלנטן גוף,
און פון דעם גרויסן ליגנדיקן גוף פון דער וועלט
איבער די ברייטע ערדן פעלד.

# ליכט

כהאָב גאָרנישט ניישט, מיין גאָט,
אָן וואָס זיך אָנצולענען.
און אַלע אין מיין שטאָט —
איך ווייס קוים ווער זיי זענען.

סהאָט איטלאכער זיין שטוב,
זיין צייכן און זיין צלם.
און — ווער האָט ניט קיין גרוב
אין טאָל פונם בית עולם?

אין איטלאכנס געזיכט
האָט אויסגעקריצט דער טרויער
זיין פינסטערניש און ליכט,
זיין צאַנקנדיקן פייער.

און דאָך האָב איך נאָך ניט
קיין נאָענטקייט פארנומען,
ווען כבין פארוועלקט און מיד
דאָ צו אַ שוועל געקומען.

איך האָב דאָ קלאָר דערקענט
דעם צער פון אַלע מענטשן —
אין די פארבראָכענע הענט
און — אין די הענט וואָס בענטשן.

און איטלאכן — ווי מיר,
איז ענג, נישט אויסצוהאלטן —
אַ בעטלער ביי אַ טיר
אין אַ פארנאכט אַ קאַלטן.

דער הויכער הימל ברענט
מיט רויטע פייער־פאַסן.
דאָס אויג פון טרויער בלענדט
אויף שטיבער און אויף גאַסן

אַ שטילקייט ווי אַ רעש
וואָס ווערט אַלץ מיד און מידער
און לייגט זיך — גרויער אַש
איבער דער ערד אַנידער.

פון אַלע זייטן וועלט
אַ שטומער עלנט הויערט
ווי איבער אַ קליין געצעלט
אַרום מיט ווענט פֿאַרמויערט.

אָ, לאָז מיך כאָטש אַרויס
מיין רוקן אויסצוגלייכן
איבער דער פרייער גרויס
פון דיינע העלע הויכן.

און אויפהויבן די הענט,
און אויפעפענען די אויגן,
און — זיין אַ בוים וואָס ברענט
מיט אַלע זיינע צווייגן.

# יאָרצײַטליכט

צי דאַכט זיך מיר נאָר
אַז איך קאָן שוין אויף זיך זאָגן:
כהאָב געזען שוין מײַן וועלט.

איצט דאַרף איך נאָר ישטיל־זײַן
און רעדן באַרואיקונג
איבער מײַן לאַנגווייל,
ער זאָל מיך נישט נודיען.
ער זאָל מיר נישט פרעגן
ווי ווייט און ווי נאָנט
פון הײַנט איז ביז מאָרגן,
און וואָס איז דער תכלית
פון הײַנט ביז צו — מאָרגן.

געבענטשט זאָלסטו זײַן
אַ גוטמוטיק טראַכטן,
וואָס דו קומסט נאָך אַרײַן
אין מײַן טיר אין אַן אָוונט.
און שפּרייטסט אַזאַ ליכטיקייט
אין מײַן נשמה:

געוועזן כאָטש יעטלאַכע דאָ
וואָס זײַנען געגאַנגען
דעם וועג פון די פשוטע,
און איבערגעלאָזט נאָך זיך לײַכטן
אַן אָפּשײַן פון מעשים.

כהאָב געוואַרימט מײַן עלנט

בײַ זייער ליכטיקן אָנדענק.
און — כהאָב אויך געזען
און נאָכגעקוקט
ווי זיי זײַנען פונדאַנען
אין שאָטן
אַרונטערגעגאַנגען.

איז אפשר פאַראַן אין מײַן ווײַט זיך פאַררופן
אויף זייערע ליכטיקע נעמען
אַ שאָטן פון נאָנטקייט.

און סאיז דער בעל שם טוב
מיין זיידע.

דער בראצלאווער —
א קרוב, א נאָנטער.

און מיין בן עיר —
דער קאָריצער,
רב פנחס דער קאָריצער.

איך בין אין זיין שולכל
אין ווינטריקע נעכט זיך פארזעסן
מיט אָרימע בחורים איבערן לערנען
און טרוקענעם ארבעס געגעסן.
געבראטן קארטאָפליעס אין הרובע
און נאָכדעם האָט רב משהלע שמש,
זיך צוגעזעצט צווישן אונז אלע
געעפנט דאָס דינע קליין מדרשל „פנחס"
און געגומען פארטייטשן אונז תורה
און מידות און חסידות
און סאיז די ידידות
און היימלאכקייט ליכטיק געוואקסן
מיר זיינען געזעסן דאָרט: אקסל אָן אקסל.

עס איז ווי א ניגון
דורך פענסטער
און אָפענע גאסן —

פארפלויגן.

עס צינד זיך
די שטומע געדעכעניש
מיט ליכטיקן פיין
אין די אויגן.

יאָרצייטליכט
אין מיינע אוינן.

## און ווידער — דאָס נביאָלע

ווייס שוין לאַנג דאָס נביאָלע דאָס קליינע
אַז מען דאַרף אים דאָ ניט.
נאָר עס זיינען דאָ נאָך געסלאַך
מיט צובראָכענע אַלטע פּלויטן,
קאָן מען זיך דאָרט טונקל אומגיין,
און זיך דורכשאַרן צום מאַרק צו
איינקויפן אַ נעכטיק ברויטל.

טראַכט דאָס נביאָלע דאָס אַלטע:

רויב אויף שטעט און טויט־בהלות,
נאָר קיין מבול טאָר נישט קומען.
רשעות קריכט אויף הויכע געביידע
און אונטער די טריט פון אַלע,
נאָר — וואָס קאָן מען טאָן דערצו
זאָל ער איינשטעלן זיך אַמאָ
און אַרויפקריכן אויף אַ מויער
און אַראָפּשרייען פון דאָרטן
אַז מען זאָל זיך היטן, היטן
פאַר גאָטס צאָרן.
וועט מען לאַכן:
אָט, אַ נביאָלע, אַ מאַלפּע
איז זיך דאָרט אַרויפגעקראָכן
און עס קוויטשעט: גאָט און צאָרן.

שטומט דאָס נביאָלע דאָס קליינע:

דורכשלעפּן אַזוי די יאָרן
און אַזאַ מין דור אַ דאָרן.
דורכשלעפּן זיך אין הינטערגעסלאַך
איינגעהילט אין וואָלקנס עלנט,
איינקויפן אַ נעכטיק ברויטל,
און זיך שטעלן גאָט צו לויבן
ביי מיין טריבער שוועל אין אָוונט,
ביי דער טיר פון מיין קאַנורע.

# מדבר קאָרעץ

א.

אַ שטילער אומעטיקער פּאָטער
אין אַ ניט־ליכטיקער שטוב,
און אַ פאַרנאַכטיקער מחשבה,
אין שווייגן פון זאָרג.

פונם קלייטל,
פון די דלות־מילבן,
לויפט ער,
איינגעבויגן,
אין אַלטן שולכל.

אויף שטענדערס
שוואַרצע תהילימלאַך.

אין אַ בלעכן רערל
אַ טרערנדיק ליכט —

דאָס קליינע קנייטל
מיטן שפּיציקן פלעמל
זשומען, זשומען,
זשומען נאָך וואָרט פאַר וואָרט:

אשרי, וואויל,
האיש, דעם מענטשן.

וואויל, וואויל
איז דעם מענטשן.

ב.

פּאָטער, גאָט,
ווי ווייט איז דען גערוקט
אָט־די טריבע שטאָט
מיט די שטיבער אין זאַמד,
פון יענעם וועג אין דער וועלט
וואָס פירט פון מדבר צו לאַנד,
צום לאַנד צום צוגעזאָגטן,
צו האָפענונג.

אין די קליינע שטיבער,

די געצעלטן,
רוט מען אָפּ פון לאַנגען גאַנג.
די קליינע קריגלאַך וואַסער ,
שאָטענען אין די ווינקלען.
דאָס קאַרגע אַלטע ברויט.

מ'ציט, מ'ציט דעם וועג,
דעם מדבר
פון וויסטע טעג.

ג.

צונויפגעשלאָגענע קלייטלאַך.
פּאָליצעס מיט שוועבעלאַך.
און — אַ יאַריד קומט אָן.

אַ פרימאָרגן
מיט אַ גרויסער זון.

פורן
גויים
גוימלאַך

וואָגנס מיט חזירים.
אַ שטויב,
אַ זשום,
אַ זאַמד,
אַ זאַמד.

ד.

אין שולכל איז פאַרנאַכט.

אין די שוואַרצע תהילימלאַך,
און אין די סידורים,
שטייט געשריבן און אָנגעוויזן
מיטן ליכטיקן פינגער פון גאָט,
צו דער הייליקער,
דער הייליקער
שטאָט.

„זאָל אויפגיין אונזער געזאַנג
און אונזר געבעט זאָל זיך דורכשלאָגן צו דיר
פון אינדערפרי ביז פאַרנאַכט"

און —
ווידער צו די געצעלטן.

ה.

אינדערפרי.
און — ווידער צו די קלייטלאַך.
צו די פייערטעפּ.

ווייסער קאַלטער ווינטער.
ווייסער מדבר.

קראָען איבער דעכער.

ווינט מיט כמורנע פליגל
לויפט און לויפט
און ווײנט איבער די מאַרקן.

אזא מין ווייסע ווילדעניש
אין טאָג,
ווי אין א וואלד,
וועלף.
גרינע, גלעזערנע קעלט
איבער הארטע טייכן.
די וועלט פרירט.
פון דער זון דאָס ליכט
ווערט איינגעצויגן, דין —
א גלעזערנער,
זילבערזאַנג,
אָן קערנער.

הארטע,
קאַלטע,
פאַרפראָרענע
אָרים־גראָשנדלאַך
אין די טרוקענע קעשעניעס
פון קאַלטן מארק.

גויימלאַך צופאָרן זיך.
דריי קליינע וואָגנס שטייען נאָך
אינמיטן ליידיקן מארק.
לייוונטענע בוידן. —

ווייסע וואָגנס אין מדבר
פון אָוונט און פון שניי —

ציגיינער.

ביינאַכט וועט זיך ארונטערלאָזן
נאָך אַ שווערערע קעלט.

די לבנה זיצט ערגעץ
אין אַ גוייאישן דאָרף,
הינטער טאָלן און בערג.
וועט נישט ארויסקומען
אין אזא ווייסטער קעלט,
אין אזא ווייסטער וועלט.

אונטער נידעריקע שווערע דעכער
רוקן מיר זיך ארונטער יעדע נאַכט.

אין אַ שטיבל ברענט אַ טונקל־געל לעמפל —
אַ קינד איז קראַנק.

אין אַ שטיבל טוקט אַ ליכט —
אַן אַלטער איד זיצט ביי אַ טויטן,
בייגט זיך איבערן תהילים.
היט און שלאָפט.
שלאָפט.

אינדרויסן איז ווייסטער מדבר
דער זאַמדיקער שניי ליגט אָנגעהויפנט
ביי אַלע שוועלן.

פענסטער זיינען פאַרווייט.
קראָען ערגעץ פאַרשטעקט.
סאָוועס — אין די קוימענס.
פלעדערמייז — אונטער בוידעם־געזימסן.

וואויל די קעץ,
און וואויל די באָבעס,
אויף די אויפנאויוונס,
אינם אלטווארג.
באהאלטענע
אין אַלטקייט,
און אין שלאָף.

# אַ מעשה

איך בין געווען דעמלט איינער
פון אַ חברה שלעפּער־יונגען,
צו אַ רייכן טיש פאַררופן.

אויסגעהונגערט זיינען מיר געווען ווי הינט
און אָפּגעריסן, אָפּגעשליסן ווי דער ווינט.
אויף אונזער לייב און לעבן האָט גרוי,
ווי אין אַש, געלאָשן זיך די וועלט.

געווען זיינען מיר אַלע ווילד־פרעמד,
אַריינגעפאַלנע אין יענער שטאָט.
און אַלע שוין באַווייבט, באַקינדלט —
ערגעץ אין ווייט־ווייטע שטעט.

ווען איינער צווישן אונז האָט זיך צורעדט
האָט מען שוין באַלד דערקענט פון וואָסער בוים
דער צווייג איז אָפּגעבראָכן, פון וואָסער ברעג טייך
דער שלייען האָט דעם קאָפּ אַרויסגערוקט,
און אויף דער וועלט געקוקט.

מיר פלעגן אָפט ביים וואַנט פון אַ שטאָל
זיך אויסזעצן אַנטקעגן דער זון
מיט די טאָרבעס דלות און מיד.
און אַנטקעגן אונז האָט דער הימל געבליט
ווי אַ פעלד פון פריילאַכן בלוי.

און איטלאַכן פון אונז איז גוט געווען,
סאיז גוט געווען צו זיין דאָ אויף דער ערד.
אַ בעטלער, אַן איבעריקער, אַ שפּלער,
אַן אָפּגעטריבענער פון אויג און טיר,
אַן אַנטלאָפענער פון אַל־די בייז
צו אַל־די רוחות און — אַרויף אויפן וועג
אַנטקעגן ערד און הימל און צועפּנטע טעג.

אַך, מיר ווייסן עס:
אויף דער ערד הערשט בלינד דאָס בייז.
און אונז איז דאָך שוין באַשערט
צו אָפּשניידן דאָ שלעכט.
און גרויע פעדימלאַך וועבן, שוועבן
איבער אונזער קאָפּ.

נו, יאָ,
זיינען מיר פאַררופן געוועז
צום מאָלצייט פונם רייכן מאַן
אין דער שטאָט מ. מיטן גרויסן באָרג.

דער חברה האָט ארומגעכאַפּט אַ פלאַמענדיקע פרייד
דערזעענדיק וואָס מ'האָט דאָרט אָנגעגרייט
איבער די לאַנגע ווייסע טישן אינם הויכן זאַל.
דער אָדון מוז עס האָבן וואו דעם אמתן קוואַל
פון אוצרות גוטס און שיינס און פיינס.

און אז מיר האָבן זיך אָנגעגעסן זאַט
און חברה שלעפּערס האָבן זיך צעוואַרימט
מיטן גוטן פעפערדיקן י"ש,
איז אריינגעקומען דער וואויל־און־גוטער „האר",
וואָס האָט זיך אַזוי שיין אָן אונזער עלנטקייט דערמאָנט —
אַ הויכער שווערער יונג מיט פלייצעס צוויי,
מיט פּיס מיט זיכערע און מיט אַ שטאָלצן בויך,
אַ הויכן קוימענהוט וואָס האָט געבלענדט
פון פייערדיקן שוואַרץ און אויפן האַרץ
אַ דימענט־שפּילקע ווי אַ שטערן די גרויס.
זי האָט געפינקלט ווי אַ בריליאַנטענע רויז.

און ער האָט זיך אַנטקעגן אונז אוועקגעשטעלט,
און מיט גוטע פיינע זיסע רייד דערקלערט
די סיבה פון זיין גרויסער פרייד —
זיין טאָכטער איז דאָס היינט אינדערפרי
געוואָרען פיר און צוואַנציק אַלט.
איז, בכן, האָט ער פאַררופן אונז,
ווייל ערגעץ האָט ער געהערט,
(צי סהאָט זיך אים געחלומט אפשר?)
אַז צווישן אונזערע לייט
פאַרוואָלגערט זיך אַמאָל אַ פיינער מענטש.
איז, ווער עס האָט נאָר דעם זכות ביי גאָט,
און איז נאָך יונג און שטאַרק און שיין,
וועט ער, דער אָדון הייסט עס, באַלד
אים אויסטון פון זיין שמאַטע־זאַק,
און אויספּוצן אין פּערל און אין גאָלד.
און — אים די טאָכטער פאַר אַ כלה געבן.

און ביי דעם וואָרט האָט ער זיין האַנט

א הויב־געהויבן אין דער הויך
און זיך געשוואָרן ביי זיין שטאָלצן לעבן.
ער איז געווען גאַנץ גוט געשטימט, דער „האַר",
און האָט אַ ווערטל אָפּגעשמייכלט און געלאַכט.
און — באַלד האָבן די משרתים זיינע געבראַכט
נאָך אַ פעסל וויין און — חברה פלעצל
האָבן געשעפּט מיט גלעזער פון געטראַנק.
און אַז עס איז געווען בטוב, ד. ה. דער וויין
האָט זיך גאַנץ גוט אין אונז צושפּילט,
האָט זיך אַ הויב־געטאָן דער יונגסטער צווישן אונז,
אַ שטעל־געטאָן זיך אויפן טיש אַרויף,
און האָט צונומען זיינע ביידע הענט
און אויפגעעפנט ביידע לעפצן זיינע,
און זיין צונג האָט געברענט:

„מיין האַר,
אָט ווי איר זעט מיך, בין איך דאָ!
איך ווייס, איר האָט מיך נישט דערקענט.
בקום פון אַ זייער ווייטען קאַנט,
און טון עפּעס האָט זיך מיין האַנט
געפּוילט פון זינט זי איז געוואָרן ביי זיך שטאַרק,
און אָנגעהויבן קלאַפּן פּויערים אויפן מאַרק
צוליבן גוואַלד וואָס זיי האָבן אָנגעמאַכט,
ווען סהאָט זיך איינעם פון זיי אויסגעדאַכט
אַז כהאָב אים אָנגערירט, כבעט אייער כבוד איבער,
ביי דער קעשעניע.
אַ נאַרישקייט.

„נו
בין איך אַצינדער גרייט
מיט הענט און פּיס,
מיט אַלץ וואָס אויף מיר איז,
מיט אַלץ וואָס הענגט אויף מיר
ווי ווינט, ווי זינד, זיך אָפּגעבן,
זיך אָפּגעבן צו אייער טאָכטער, הויכער האַר.
און אַז איר וועט זיך נאָר ניט שעמען, הויכער האַר
קאָן איך פון זיך אַרונטערוואַרפן באַלד
די אַלע שמאַטעס, לאַטעס און פונדאַנעס גלייך
אַוועק אין באָד אַריין און ווערן ריין און שיין
און וואויל און פיין".

מיר האָבן אַלע מויל און אויערן אויסגעשטעלט.
און — דער הויכער האר האָט אויף קיין רגע ניט
אפילו דינגען זיך געשטעלט.
האָט אויסגעשטרעקט זיין ווייכע האנט
צו אונזער ברודער תקיעה־כף.
און אַ באַפויל־געטאָן צו אַ משרת גלייך
אריינברענגען זיין טאָכטער שוין.

עס האָט קיין רגע נישט געווערט,
און — ז׳איז געשטאַנען אויף דער ערד.

אַ קליינטשיקס.
ביי־דער־ערד.
פון שווארצן סאַמעט
האָט אַרויסגעשטעקט
אַ מאַלפּע־פּנימל,
מיאוס ווי דער טויט
אַן איינגעגראָבענער
קאָפּ און קאַרק
הינטער אַ הויקער
ווי אַ באַרג.
און פונם פּנים
האָבן אויגן צוויי
אַרויסגעשוואַרצט,
ווי קליינע שטיקלאַך קויל
אין ברודיקן ישניי.

אַ וויסטער פּחד האָט אונז אַלעמען אַרומגעכאַפּט.
און — באַלד זיינען די טירן פונם זאַל געווען פאַרקלאַפּט
און באַלד האָט עס דער „האר" געגעבן אַ באַפויל,
עס זאָל זיך קיינער פונם אָרט נישט טאָן קיין ריר.
קיין פּינטל מיט אַן אויג,
קיין ווינטל מיט אַ מויל,
קיין ציטער מיט אַ צונג.

און אונזערער?
אונזער ברודער,
דער שטאַרקער און דער שיינער יונג.
דער וואָס פלעגט אין מיטן וועג,
אין אונזער גאַנג פון שטאָט נאָך שטאָט,

ווען ער האָט איבערן קאָפּ פון וואַלד דערזען
אַן אָדלער הויבט זיך צו די הימלען אויף, —
האָט ער אַזאַ מין פּליעסק געטאָן מיט זיינע הענט
אַזש סהאָט דער פויגל זיך אַ וואַקל־געטאָן פון שרעק,
און שיעור זיך נישט אַרונטערגעלאָזט אויפן וועג.

ער, דער יונגער אונזערער
האָט שיעור זיך נישט געזעצט אויף זיינע פיס,
און — איז געגאַנגען וואַקלענדיק
אַנטקעגן „האַר" מיט זיין בת־טאָכטערל.
און — לעבן „האַר" זיינען געשטאַנען שוין
צוויי היטערלייט מיט בלאַנק־שטאָל אין די הענט,
און האָבן מיטן שטאָל געבלענדט.

און אָט אַזוי־אָ האָט מען אים אַרויסגעפירט
אונזער שטאַרק ברודערל פון צווישן אונז.
און אַזוי איז ער אַוועק נעבאַך,
אונזער יונג ברודערל פון צווישן אונז.

און אונז? וואָס האָט מען דען מיט אונז געקאָנט דאָרט טאָן?
מען האָט אונז געהאַלטן ביז פאַרנאַכט פאַרשפּאַרט.
פאַרנאַכט האָט מען אונז אָפּגעלאָזן פריי,
מיר זאָלן גיין וואוהין מיר דאַרפן —

שיכלאַך פּוצן, גאַסן קערן,
שערלאַך שאַרפן.

# דער אַלטער אַדוני־גאָט

מיין גאָט איז דער אַלטער.
ער וואוינט אין די וואָלקנס.
און ער האָט עס טאַקע
דעם לעמפּערט באַשאַפן.

צו אים טוען פליען
די פייגל און — קומען
צוריק צו די דעכער
פון מידן פאַרפליען.

צו אים — אַלע הענט
אין דערהויבענעם בעטן,
און — פאַלן אַרונטער
אויף אָרימע שטעלן
אין ניכטערע מאַרקן
איבערן צימבל פון גראַשנס.

אים האָבן עס טאַקע
די שטאָט־אַפּיקורסים
פאַרלאַכט אין די גאַסן.
און ממש געריסן אים
ביי באָרד און ביי פּאות.
און אין זיין סידור
פאַרדרייט די פּסוקים
מיט וויסנשאַפט־ווייזהייט.
און אים גערודפט
אַ שטיק אין דער יוגנט,
ביז וואַנען עס האָט זיך
די אַלטקייט פון עלטער
גענומען באַווייזן אויף זייערע קעפּ —

און — ערינערונגען שפּילן
אריין אין די פענסטער —
די קינדער אין גאַס
קלינגען נייקייט און לויב
צו דעם ליכטיקן הימל.
דער אייגענער הימל ווי דעמלט —
גאָטס אָפענער פּנים
אַריבער דער וועלט.

# גאָט און די אָרימעלייט

גאָט וואוינט תמיד צווישן אָרימע,
ווייל איטלאָך מאָל קומט אָן אַן אנדערער
און בעט, און בעט זיך עפּעס העלפן:
גאָט, גאָט, העלף מיר,
העלף מיר נאָכאמאָל.
דיין הילף פון פריער,
און דיין גענאָד פון נעכטן
איז שוין ביי מיר אוועקגעגאנגען.
מיינע ווינקלען זיינען ווידער ליידיק,
און מיין הויזגעזינד איז פארשמאַכט.

הערט גאָט דאָס בעטן פונם אָרימאַן,
גייט ער מיט אים אין מארק ארויס,
גייט מיט אים און ווייזט אים אָן
וואָס צו אויפקויפן ביי אַ גוי,
אַ מציאה ביי אַ לייטישן גוי.

וואָס זאָלן זיי טון די אָרימעלייט,
אַז זיי זיינען ניט שטארק גענוג
צו קאָנען עובר־זיין אויף זייער ערלאַכקייט,
און אפשר וואָלטן זיי דאָס יאָ געקאָנט,
איז שטענדיק פאַר די אויגן — גאָט.
אין אַלע זייערע ווינקלען איז ער דאָ
און זעט אַלצדינג, אוי אַלצדינג זעט ער,
און מען קאָן זיך נישט פון אָרט אַ ריר־טאָן.

שטעלט זיך איין אַן אָרימאַן אַמאָל
און זאָגט צו גאָט אַזוי־זיך,
כלומרשט לאַכנדיק און שמייכלענדיק:
גאָט, זאָגט דער אָרימאַן,
אַרט דיך גאָרנישט אונזער אָרימקייט?
וואָלט נישט צייט געווען אביסעלע אַ הויב־טאָן אונזער מזל.
וואָלסטו דען אַליין נישט אָנגעקוואָלן,
ווען מען זאָל אַ נייעם קופּערט דאָ אוועקשטעלן
און אויסווייסן די אומעטיקע ווענט אונזערע דאָ?

און סענטפערט אים גאָט דערויף:
אוי, רב איד, רב איד, זענט איר אַ איד.
וואָס אַרט אייך אַז עס איז אַזוי

וואָס מאַכט אייך אױס אַזױ,
אַז אייער קופערט איז נישט ניי?
קאָן די זון חלילה נישט אַרױסגיין צוליב דעם.
אָט זע, פּונקט װי די פליג איבערן שויב,
אַזוי קאָן אױך אַ מענטש, און אַפילו איך,
זשומען דאָ אַ גאָלדן זשומענדיקן לויב.
די ערד איז קײלעכדיק װי אַ ראָד,
און דרייט זיך, דרייט זיך און אָט באַלד
שטייט שוין װידער פרייטיק פאַרן באָד,
מיט פרישע בעזימלאַך ביי דער טיר.

נו, טאָ וואָס זאָל ער, דער איד,
דער אביון זיך שטעלן אָפּענטפערן גאָט.
נעמט ער אָן די רייד פאַר ליב און גוט
און באַקומט װידער מוט.

און — גאָט בלייבט װאױנען צווישן אָרימעלייט:
נישקשה, אַזוי לאַנג װי איך בין דאָ,
קאָן בעסער נאָך צו יעדער שעה
און סוועט נאָך טון אַמאָל אין אַלע פענסטער אריין
אַ טאָג אַ שיין — אַ מלך מיט אַ קרוין
האָט אױפן הױכן פערד זיך אָפּגעשטעלט
און ברייט זיינען געוואָרן אַלע װענט פון דער װעלט,
די ענגע װענט פון דער װעלט.

# סוחרים־מענטשן

אין מארקן און אין טומלעריי
פארטומאה'ן די נשמות.
דרייען זיך דאָרט סוחרימלאַך
אַרום מיט שטאָלענע אויגן.

און סטוט פון זייערע קעפּ זיך אָפּ
די שיינע האָריקע קרוינען.
און סהאָבן אַלע סוחרימלאַך
קאַלטע, מעשענע פּליכעס.

נאָר — אין שענסטע בעטן שלאָפן זיי,
און מיט די שענסטע ווייבער.
און ווי די קינדער לייענען זיי
אין צייטונגען די „פּאָנים".

אין קאַבארייען נאַכטיקע
די קורטיזאַנעס — שמייכלען
און חוזקן פון זייער פעטס,
פון הינטער די דינע ברעמען.

נאָר גוט איז זיי צו רויכערן
די געל־בורשטינענע ליולקעס,
און גוידערן די גווידערן
אין זייער געלער פוילקייט.

זיך וויגן אויף די וויגשטולן
ביים ים אין די האָטעלן.
און קוקן אויף די שיפעלאַך,
וואָס גייען צו די הימלען.

# בחצי הלילה

לאָז מיך, לאָז מיר גרינגער טראָגן
אויף מיין הארץ דאָס שטאָל פון שווייגן.
און אַ שטיקל העלן הימל
לייטער־אויף אין מיינע אויגן.

כהאָב נאָך ליב דאָ קליינע זאַכן.
קינדער — איבערן קאָפּ צו גלעטן,
און די רויטע האַלב־לבנה
אויפן מערב אויפן שפּעטן.

און לאָמטערנדלאָך — אין גאַסן
וואו די אָרימקייט טוט שלאָפן.
נאָר דאָס באַלעגאָלע שענקל
איז אַ גאַנצע נאַכט דאָ אָפן.

כקום אריין און — ביי אַ טישל,
אויף די וואָנצעס טראָפּנס רעגן,
מיט אַ הוט — שוין זיבן מיסטן
מנהסתמא אויסגעלעגן, —

זיצט דער אַלטער גאַסנקערער
טרינקט אַ בירעלע אַ גאָלדנס.
אַ קליין קינד און — אַלט־געוואָרן
אַזאַ מענטשעלע אַן אָרימס.

נישט חלילה צו באַדויערן
אויף זיין עלנט אויף זיין נאַסן.
גייט זיך אום ביינאַכט אַ מענטשל,
און קערט אָפּ דאָס מיסט פון גאַסן.

פון די שטויבן אַ פאַרשמאַכטער
קומט ער דאָ אריין אַ ווײַלע,
טרינקט אַ בירעלע און דרימלט
ביים ברעג טיש — בחצי הלילה.

# פֿון היינט און תמיד

הויכע, שיינע גוייאישע פֿעלקער.
טשירי־באָם.
נאָט האָט געשיקט זיין זון זיי גוטס־טאָן.
טשירי־באָם.
איז זיין זון געוואָרן אומעטיק
אויף דעם שטיין־וועג קיין ירושלים,
טשירי־באָם, טשירי־באָם.
און ביי די טרעפּ פֿון בית המקדש
האָט זיין אייזל אַראָפּגעבויגן
צו דער ערד די תמימותדיקע אויגן
טשירי־באָם.

הויכע, שיינע גוייאישע לענדער,
קלויסטערס אויסגעפּוצט אין גאָלדן.
אין אָרימע געסלאַך מעקען ציגן.
אין קופּקעס מיסט רויען זיך קינדער
מיט דער ברודיקער זון אַ גאַנצן טאָג
און — טשירי־באָם, טשירי־באָם.
זונטיק קלינגען קלויסטערשע קלאַנגען.
גאָטס זון איז אויפֿן צלם געוואָרן געהאָנגען.
און אַז ער וועט אַמאָל פֿון צלם אַראָפּגיין,
וועט ער אַרויפֿגיין פֿאַרנאַכט, פֿרי־פֿאַרנאַכט,
אין די שמאָלע געסלאַך פֿון אַלט־ירושלים,
און וועט ביים שוועל פֿון אַ קליינעם שולכל
זיצן דעם קאָפּ אַראָפּגעבויגן,
אַזויווי אַ בוים מיט צובראָכענע צווייגן
טשי־רי, בירי בירי־באָם.
טשיריבירבירבאָם.

## 1.

אונזער קליינע שטאָט האָט אָפּגעגעבן דעם קריג
די פלינקסטע יונגען — פנימער ווי זון
און פּלייצעס ברייט און — גרייט א וועלט אריבערטראגן
פון איין דור אין צווייטן — חברה, איינס און איינס!
און אויפן שליאך פון אונזער קליינער שיינער שטאָט
איז זונטיקדיק געוואָרן אלע זיבן טעג אין וואָך.
און אַלטע רו ווי א שלאָבערדיקע שווערע קו
האָט זיך דאָ אומגעשאַרט פון אינדערפרי ביז נאכט.
דער אויסגעדינטער עלטסטער שטאָטהיטער מיט די קרומע פיס,
אויסגעריבענעם בלויען ראָק מיט די גלאַנצנדיקע קנעפּ,
האָט זיך ארומשפּאצירט איבערן שטאָט שוין שפּעט אין טאָג,
געשטאַנען ביי דער קראָם פון וואָרשטניק לאַנגווייליק,
און פּוסטקייטן געשמועסט מיט דער צוגוידערטער מויד.
און ביידע זיינען מיטאַמאָל געוואָרן זינדיק־רויט,
און זיך צעלאַכט מיט אזא טמא לאַכעניש אויפן קול.
און — גרוי זיינען די יונגע מאַמעס אין יעדער שטוב
געזעסן און געוואַרט און — דאָ האָט מילד א בלי־געטון
סעפּטעמבער מיט זיין גוטמוטיקער טרויריקלאַכער זון.
אונזער שטאָט איז פול־פּאַרבוימערט, — האָט געטאָן א שפּיל
מיט פאַרבן גאָלד, מיט הייסן בלוטרויט און מיט קילן גרין.
און איינמאָל, אינדערפרי, אין אזא טיפן לויטערן בלוי,
האָבן זיך אומגעקערט צוריק צו אונז אין שטאָט די זין.
קיין איינציקער האָט נישט געפעלט. ווי מאָדנע. סטרעפּט.
איז זיך געזעסן לעבן טיש דער שרייבער פון דער פּאָליציי
און האָט אריינגעשריבן אין א קינדעריש־לינירטן העפט
די נעמען אלע פון די אָנגעקומענע פון פעלד.
און סהאָט זיך ווידער. ווי אמאָל, שוין איינגעשטעלט
און איינגעאָרדנט אונזער קליינע שיינע שטאָט:
און אינדערפרי הינקט אויף א קוליע פון טיר צו טיר
דער בריוונטרעגער מיט מעדאלן־צלמים איבערן ברוסט,
און יעדן בריוו און קאַרטל גיט ער איבער מיט א הוסט,
און מיט א מאָדנעם קאַלטן פינטל מיטן רעכטן אויג.
און — זונטיק ארום שוועל פון קלויסטער שאַרן זיך
האַלב אָפּגעזעגטע פיס ביז צו די פולע קני
זיבן בעטלער־לייט מיט אויסגעשטרעקטע הענט,

און שטעלן זיך — אַ שורה ביי די שווערע קלויסטער־ווענט.
און — איינמאָל אַ וואָך קומט אויך אין יעדן הויז
דער צינזן־מאָנער צערוואַנטעס מיט דער איינציקער האַנט —
זי ציטערט אַזאַ מאָדנע ציטערניש ביים אָפּגעבן דאָס שטיקל פּאַפּיר.
ער שפּאַרט זיך אָן אַן־וואַנט צי אָן דער טיר,
ווי ער וואָלט געשטאַנען נישט אויף זיינע אייגענע פיס.
און ספנים זיינס אין שיין און וואויל ווי ס׳איז געווען,
נאָר זיינע אויגן שאָטענען מיט אַזאַ אומעטיקייט אין זיך.
עפּעס האָבן זיי געזען און ווילן עס פאַרזען, ניט זען
און אין זיין רעדן לויפן אויך די ווערטער גיך, גיך, גיך,
און פאַלן קלייניניקע אַרויס פון צווישן זיינע דראָבנע ציין.
נאָר — אונזער קליינע שטאָט האָט אָנגענומען פאַר ליב
דאָס טרויעריקע אומקערן פון אירע קראַנקע זין.
מיט איין האַנט קאָן מען דען ניט אין פרי־זומער פאַרן הויז
פאַרפלאַנצן דינע בוימלאַך זאָלן אויסוואַקסן אַמאָל גרויס?
און בלינדערהייט קאָן מען נאָך אויך דערהערן אַמאָל
פון שפּילנדיקע קינדער איבערן גאַס דאָס העלע קול,
עס קלינגט ווי גאָלד, ווי זון, אין דער בייטאָגיקער שעה,
און אויף דער וועלט איז אַלץ נאָך גאַנץ און דאָ

2.

...און נאָכדעם וועט מען דאָ אין אונזער ישוב רעדן:
געווען אַ בלינדער שטורם און אַוועקגעלייגט
די שטאַרקסטע דעמבעס און פון אונזער דור
זיינען נאָר מיר, די קליין־המוניקע געבליבן טרויערן
איבער אַ טויטנאָרט מיט נאָמענלאָזע מצבות.
מיר האָבן זיך נאָך אָפּט אין אָוונט־דעמערונג
געקוואַפּעט אויף אַ שפּריכוואָרט פון אַ פּויערישן נביא,
וואָס האָט זיך אויסגעקערעוועט מיט אַ שטומען רוקן
צו די צייטן און געוואָרן איינגעשטילטער רעזיגנירטער דאַרפּמענטש.
אַ זשעסט? צי האָט דאָס שיינוואָרט און דאָס ערלאַכע וואָרט
דען ניט געכישופט איבער אונז? און — אויך זיין ליכט
האָט זיך פאַרלאָשן איצט. מיר לעבן אין גרויען שאָטן,
און — דאַכט זיך שוין קיין איינציקער נישטאָ צעווישן אונז,
וואָס זאָל ווי פריִ׳ר אַ טאָג פאַרשפּאַרן זיך ביי אַ וואַנט
אין אַ טונקל ווינקל פון דער וואַנט איבער אַ ספרל אַזאַ,
אַ וואָרט אַזאַ — צי האָט עס דען שוין אויסגעפלאַפּלט אַלץ
און ספּאַלט און גרויט איבער דעם דער טויטער שטויב

ווי אויף אַ מת און — איינמאָל אין אַ יאָר פֿאַרזאַמלען מיר זיך,
און רעדן וועגן דעם ווי וועגן אונזער אַ לייבלאַך קינד.
און איינער דערציילט וועגן וויסטע שלאָפֿלאָזע נעכט,
ווען ער האָט איבער דעם געוואַכט און געהיט,
און געתהילימט איבער זיין קראַנקן בלייכן גוף.
מיר, די קליין־המוניקע, מיר הערן זיך איין
און בייגן זיך אַפֿילו מער אין טרויער שוין נישט איין.
צוגייען זיך אהיים מיט אַ שווערן רויך אין קאָפּ,
איטלאַכער צו זיין טיר, זיין טיש, זיין טאָפּ.

3.

זיי ליגן אין שמאָלע ארונות און רוען
געפּאַלענע אונטערן בייטש פֿונם יאָך,
און אונטערן זינלאָזן טומל פֿון טעג,
ווי בוימער פֿון אונטערן זעג.

דערמאָן זיך נאָר איינעמס אַ נאָמען פֿון זיי.
וואָס דאַרפֿסטו דעם נאָמען? פֿאַראַן אַזאַ סך.
דערמאָן נאָר זיין קליין און פֿאַרהוויקערט געשטאַלט.
ער שאַרט דורכן גאַס זיך דאָ יעדן פֿאַרנאַכט,
דעם קאָפּ אין די שפּיציקע אַקסלען פֿאַררוקט,
און שולדיקע בליקע — ער קוקט און קוקט
פֿון זיין נידער אַרויס אויף די אַנדערע אַרום,
און זיין מויל איז פֿאַרשטייפט און ישטום.

אויך ער האָט זיין נאָרע אויף צען שעה אַ טאָג
אין דער קנעכטשאַפֿט פֿאַר אָרימען מאָגערן ברויט
נאָר ווי מיט חנוכן געגאַנגען איז גאָט,
אַזוי גייט מיט אים אומעטום דער טויט —
צום טישל, צום הונגעריקן גרויען ברויט,
צום בעט, צום קראַנקן שלאָפֿלאָזן שלאָף,
צום שוועל אינדערפֿרי, ווען ער לויפֿט אַרויס
אַ פֿאַרשפּעטיקטער איבער די גאַסן און יאָגט.

און שרעקעדיק־שרעקעדיק, ציטריק אַזוי
רירט זיין מאָגערע האַנט זיך דאָ צו צו אַ זאַך.
און זיין אויג קריכט פֿון הינטערן ברעם אַרויס —
אַ חיהלע פֿון אונטער אַ טונקעלן קוסט
צום פֿריידיקן חן פֿון אַ פֿרויאיש געזיכט

און ער טרינקט פון דעמדאָזיקן ראָזיקן ווייניקן ליכט,
און פאַלט מיט זיין שיכּרות אין בעט פון זיין נאַכט —
אַ חיה וואָס האָט מיט זיך רויבפליייש געבראַכט,
און גריזשעט עס ביז פאַרטאָג.

פאַרטאָג, מיט צוויי גריבער אין נעגלן געזיכט,
יאָגט ער דורך די גאַס אַזוי קליין, ישמאָל,
סאיז ניו־יאָרק איצט אַ גרויער פאַרוואָרפענער טאָל
מיט לאָמפּן אָן שיעור אונטערן געוועלב פון פאַרטאָג.
און אונטן דאָרט, אונטער די גאַסן, אַראָפּ,
אַ רעסטאָראַן־קיך, אַ פאַן, אַ טאָפּ
און ער, אויף אַ הויכער קלאָץ, שטייט און קאָכט
חזיר־פליייש אפשר פאַר הונדערט פּאַרשוין.

מיטאָג־צייט כאַפּט ער דורכן פענסטערל אַ קוק
אינם עס־זאַל און שמייכלט פון עפּעס אַ פּאַרשוין
וואָס קומט יעדן טאָג מיט אַ הוט ווי אַ קרוין,
אַ וויכטיקער מאַנסביל, וואָס גרייט זיך מסתּם
צו שפּאַלטן דעם ים.

4.

און טריב אַזוי איז די נשמה.
און וואָס וויל זי דען
די אָרימע נשמה?
אַביסל כּח, גאָט,
דעם גוף צו טראָגן.
צום ברונעם ברענגען אים
זיין דורשט צו שטילן.
צום שייער פירן אים
זיין הונגער צו ברעכן.
צו פירן אים אין רויטן שטיבל
זיין שווערע תּאווה מילדערן.
ער איז אַ טעמפּער ווי אַן אָקס
און זיך אַליין צו־שווער,
און ער וויל זיס, זויערס,
און אַ וואַרים הויז,
אַ וואַרים בעט
און אַ היימלאַכע וואַנט.
ער וויל ווערן גרעסער,
שענער, חשובער

און גויד־גויד־גוידערדיקער.
און די אָרימע נשמה, גאָט,
האָסטו דאָך באַשאַפן
זי זאָל אים דינען געטריי
זי זאָל אים איינשטילן
ווען ער צוברומט זיך: בראָנפן.
ווען ער צעחנדלט זיך. אַן עפּל
אַ פליגל פון אַן עוף.
אַ פוס פון אַ שאָף,
אַ פולע נאַכט מיט שלאָף.

און — טריב אַזוי איז די נשמה.

5.

איך וועל אין דיין עלנטן לעבן אַריינגיין.
כוויל זען דיין נשמה.

כוויל הערן דיין ריידן צום אייגענעם גורל
אַזויווי מען רעדט צו אַ פאָטער,
ווען מען קומט שוין אַרויס פונם בלאָנדזשען,
און גאָט איז — דער אָפענער הימל,
דאָס בערגל דאָרט נידריק צום טאָל־וועג. —
אַ מיל שטייט דאָרט בטל,
די פליגל פאַרקרייצט אויפן האַרצן.

איך רעד צו מיין אייגענעם גורל,
קלאָפּ אין מיין אייגן געביין ווי אין וואַנט פון אַ תפיסה,
שלאָג אין מיין אייגענעם לייב ווי אין פעלזיקן שטיין.
איך וויל זיך געשטאַלטיקן אַנדערש,
אַז אויפגיין זאָל איך איבער מיין געביין
אין ווייסן, אין ליכטיקן שווייגן,
די קנייטשן פון ליידן געריייניקט,
די ברעמען, אַן שווערקייט, אַריבער די אויגן,
נאָר רואיק, אַזויווי אַ לויטערער הימל
אין דאָרף איבער נידריקע שטיבער.
עס שטייען די ביימלאַך און גערטנער
אין תמימות, אין גוטסקייט געוואַשן.
אין דרימל פון זונליכט — די גאַסן.

אַזוי זאָל מיין לעבן מיר ווערן
אַ געלייטערט העל שווייגן און — הערן.

III

